


לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

№ 2 — דרײַצנטער יאָרגאַנג — 1937 פעוראל
אָרגאַן פון פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פון ווססר

גריגאָרי קאָ:סטאַ:טינאָוויטש אָרדזשאָניקידזע

18 $\frac{28}{X}$ 86 — 19 $\frac{18}{II}$ 37

# פונעמ צענטראל־קאָמיטעט פונ דער אלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פּארטײ (באָלשעװיקעס)

דער צענטראל־קאָמיטעט אלקפּ (באָלשעװיקעס) טײלט מיט מיט טיפנ טרויער דער פּארטײ, דעמ ארבעטער־קלאס אונ אלע ארבעטנדיקע פונ פארבאנד ססר אונ די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער װעלט, אז דעמ 18־טנ פעװראל, 5 אזײגער 30 מינוט אָװנס, איז אינ מאָסקװע פּלוצלינג געשטאָרבנ דער גרעסטער טוער פונ אונדזער פּארטײ, דער פלאמיקער אומשרעקבארער באָלשעװיק־לענינעצ, דער אָנגעזעענסטער אָנפירער פונ דער װירטשאפטלעכער בױונג פונ אונדזער לאנד — דער מיטגליד פונ פּאָליט־ביוראָ פונ צק אלקפּ(ב), פאָלקס־קאָמיסאר פונ דער שװערער אינדוסטריע פונ ססר כ׳ גריגאָרי קאָנסטאנטינאָװיטש אָרדזשאָניקידזע.

דער טויט פונ כאװער אָרדזשאָניקידזע, דעמ טײַערנ פאר דער גאנצער פּארטײ, פארנ ארבעטער־קלאס פונ ססר, פאר די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער װעלט, דעמ ביז גאָר רײנעמ אונ שטאנדהאפטיקנ פּארטײער, באָלשעװיק, װעלכער האָט אָפּגעגעבנ זײַנ רומפול העראָיש לעבנ פאר דער זאכ פונעמ ארבעטער־קלאס, פאר דער זאכ פונ קאָמוניזמ, איז דער שװערסטער פארלוסט פאר דער גאנצער פּארטײ אונ פארנ סאָװעטנפארבאנד.

די געשטאלט פונ כ׳ אָרדזשאָניקידזע, זײַנ זעלבסטאָפּפערדיקער קאמפ פאר דער פּראָלעטארישער רעװאָלוציע אונ פאר דער בױונג פונ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאנד װעט באגײַסטערנ אלע ארבעטנדיקע, אלע פּארטײער, אלע טוער פונ װירטשאפטלעכנ פראָנט צומ װײַטערדיקנ קאמפ פארנ זיג פונ סאָציאַליזמ, פאר נײַע דעראָבערונגענ פונ דער סאָװעטישער אינדוסטריע, פאר א נײַעמ אופשטײַג פונ אונדזער גאנצער סאָציאַליסטישער פאָלקסװירטשאפט.

צענטראל־קאָמיטעט פונ דער אלפארבאנדישער
קאָמוניסטישער פּארטײ (באָלשעװיקעס).

# דעם אָנדענק פון כאווער אָרדזשאָניקידזע

אונדזער פּאַרטיי האָט געליטן אַ שווערן פאַרלוסט: דעם 18־טן פעברואַל איז פון אַ האַרץ־פּאַראַליטש פּלוצלינג געשטאָרבן דער כאווער גריגאָרי קאָנסטאַנטינאָוויטש אָרדזשאָניקידזע.

דער טויט האָט אַרויסגעריסן פון אונדזערע רייען דעם אויסגעצייכנטן אָנפירער, דעם אומדערמידלעכן קעמפער פאַר דער זאַך פון דער פּאַרטיי, דעם שלאַכט־אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָר פון די גלענצנדיקע זיגן פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, אונדזער נאָענטסטן און באַליבטן כאווער און פריינט.

זיין גאַנץ ליכטיק לעבן האָט דער כ׳ אָרדזשאָניקידזע אָפּגעגעבן ביז לעצט פאַר דער זאַך פונעם אַרבעטער־קלאַס, פאַר דער זאַך פון באַפרייען די מענטשהייט, פאַר דער זאַך פון קאָמוניזם. נאָך אין די יונגע יאָרן האָט זיך דער כ׳ אָרדזשאָניקידזע געשטעלט אונטער דער גרויסער פאָן פון לענינען און פון יענער צייט ביזן סאָף פון זיין לעבן האָט ער ערלעך און געטריי געטראָגן די דאָזיקע פאָן אין די הענט, קעמפנדיק אַפּ די סאַמע פאָרגעשריטענע פּאָזיציעס.

זיין לעבן איז געווען פאַרבונדן אומצערייסבאַר מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די אַרבעטער און פּויערים קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג און קעגן דעם בורזשואַז־פּריצישן יאָך, מיטן קאַמף פאַרן זיג פון דער גרויסער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין ססםר, מיטן אָרגאַניזירן דאָס צעשמעטערן די ווייסגוואַרדיישע אַרמייען און די אויסלענדישע אינטערווענטן, מיט דער זיגרייכער בויונג פון סאָציאַליזם. און אומעטום, וווּ עס האָט געפלאַסן זיין ברוינדיקע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, פלעגט זי ברענגען מיט זיך אַ זיג נאָך אַ זיג.

דער כ׳ אָרדזשאָניקידזע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ מוסטער פון אַ באָלשעוויק, וואָס ווייס ניט פון קיין שרעק און שטערונגען באַם דערגרייכן די גרויסע צילן, וועלכע עס האָט אויפגעשטעלט די פּאַרטיי. פלאַמיקע ענערגיע, איינגעשפּאַרטקייט און קאָנסעקווענטקייט, טאַלאַנטן פון אַן אָנגעזעענעם אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון די מאַסן האָבן זיך אין אים פאַראייניקט מיט מערקווירדיקע אייגנשאַפטן פון יענער האַרציקייט און כאווערישער פּאַשטעטקייט אין די באַציִונגען צו מענטשן, וואָס זיינען אַזוי גוט באַקאַנט די אַלע, וואָס האָבן פּערזענלעך געקאָנט דעם כאווער סערגאָ און מיט וועלכע עס צייכנט זיך אויס אַן עמעסער באָלשעוויק־לענינעץ.

די לעצטע 7 יאָר איז דער כ׳ אָרדזשאָניקידזע געשטאַנען אינדערשפּיץ

פונ דער שווערער אינדוסטריע פונ פססר. מיט זײַנ נאָמענ זײַנענ פארבונדנ די גרעסטע זיגנ פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק. מיט זײַנ הילפ האָט די פארטיי געלייזט די שווערסטע אופגאבע פונ אויסבויענ אינ אונדזער לאנד די מעכטיקע פאָרגעשריטענע שווערע אינדוסטריע, וועלכע האָט איבערבאוואָפנט די לאנדווירטשאפט, דעמ טראנספאָרט אונ די לאנדשוץ. אינדערשפיצ פונ דער פילמיליאָניקער ארמיי טוער פונ דער שווערער אינדוסטריע האָט דער כ׳ אָרדזשאָ-ניקידזע גענומענ מיט שטורמ איינע נאָכ דער אנדערער די שווערסטע פעסטונגענ אפנ פראָנט פונ קאמפ פאר אויסבויענ אונ באהערשנ די נײַע טעכניק. ער האָט מיט ליבע אויסגעכאָוועט קאדרענ טאלאנטפולע טוער פונ דער שווערער אינדוסט-ריע, ביזנ סאָפ איבערגעגעבענע דער זאכ פונ סאָציאַליזמ, באהעפטע ארומ דער באָלשעוויסטישער פארטיי.

אונ אָט איצט ביסטו, טײַערער כאווער **סערגאָ**, ניטאָ מיט אונדז. די שווער-קײַט פונ דאָזיקנ פארלוסט קענ ניט פארגעסנ ווערנ. מיט ווייטיק וועלנ אימ אי-בערלעבנ אלע ארבעטנדיקע פונ אונדזער לאנד. מיר האָבנ דיכ פארלאָרנ אינ א מאָמענט, ווענ אונדזער לאנד האָט דערגרייכט דעמ טריומפ פונ סאָציאַליזמ. אונ אינ די דאָזיקע זיגנ, וועלכע מיר האָבנ אויסגעקעמפט דורכ גרויסנ קאמפ, איז פאראנ א גרויסער כיילעק פונ דײַנ מי, פונ דײַנ ענערגיע, פונ דײַנ גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקײַט דעמ קאָמוניזמ.

זײַ געזעגנט, טײַערער פרײַנט אונ כאווער סערגאָ!

| | | |
|---|---|---|
| י. סטאלינ | ג. פעטראָווסקי | נ. יעזשאָוו |
| ו. מאָלאָטאָוו | ר. אייכע | אי. אקולאָוו |
| ל. קאגאנאָוויטש | יא. רודזוטאק | וו. מעזשלאוק |
| ק. וואָראָשילאָוו | מ. קאלינינ | נ. אנטיפאָוו |
| ו. טשובאר | א. זשדאנאָוו | מ. שקיריאטאָוו |
| א. מיקאָיאַנ | פּ. פאָסטישעוו | יא. יאקאָווליעוו |
| ס. קאָסיאָר | א. אנדרייעוו | |

## אײַזיק פלאטנער

* * *

עס ציט זיכ דער טרויער אינ לאנד שוינ דעם דריטנ מעסלעס,
דאָס הארצ איז באלאָדנ מיט ווייטיק, די ליפנ צוזאמענגעפרעסט,
עס גיסנ זיכ איבער אזוי די אָקטאַוועס פונ טרויער־מוזיק, —
אָט פאלט עס אראָפ ווי דער אָפפלוס אינ יאם, אָט כוואליעט עס אופ אפ צוריק.

אזא מינ דערהויבנקייט איז דאָ פאראנ אינעם מענטשלעכנ צאר,
דער טויט איז דערווײַטערט געוואָרנ פונ אונדז שוינ דערפאר.
מיר נעמענ דעם טײַערנ כאווער, מיר הויבנ אים אופ אפ די הענט,
אונדזערע הערצער אונ בליקנ מיר האלטנ צום פירער געווענדט.

דער קלאָג פונ די שווערע טרומייטנ אינ מענטשלעכע כוואליעס פארזינקט,
דאָס ווארעמע וואָרט פונ טריבונע דעם נאָגנדנ אומעט פארקלינגט.
עס שטעלט זיכ ניט אָפ אפ קיינ רעגע דער דראנג פונעם לאנד,
דער גאנג פונ די שווערע מאשינעס — די מי פונ זײַנ האנט.

אזוי איז סערגאָ דאָכ געגאנגענ דורכ שלאכטנ, אונ שטענדיק געברויזט,
פונ קנוילנ פארנעפלטנ אומעט ס'צעווייטיקטע הארצ שיילט זיכ אויס.
מיר שליסנ זיכ ענגער צוזאמענ, באזיגנ דעם טרויער אינ גאנג,
די ליפנ מיר האלטנ פארשטשעמעט, מיר טראָגנ אינ הארצ דאָס געזאנג.

עס גיבנ א שלאָג די אָרקעסטערס מיט טענער פונ טרויער־מוזיק,
א לעצטער סאלוט פונ קאנאָנעג, אנ עכאָ הילכט אָפ אפ צוריק.
אזא מינ דערהויבנקייט איז דאָ פאראנ אינעם מענטשלעכנ צאר,
דער טויט איז דערווײַטערט געוואָרנ פונ אונדז שוינ דערפאר...

מינסק, דעם 21-טנ פעווראל 1937-טנ י.

נ. וו. גאָגאָל.

# רעוויזאָר

## אָנטיילנעמער:

אנטאָנ אנטאָנאָוויטש סקוואָזניק־דמוכאנאָווסקי—גאָראָדניטשי.
אנא אנדרייעוונא—זײַנ פרוי.
מאריא אנטאָנאָוונא—זײַנ טאָכטער.
לוקא לוקיטש כלאָפּאָוו—אָנפירער פונ די שולנ.
זײַנ פרוי
אמאָס פיאָדאָראָוויטש ליאפקינ־טיאפקינ—ריכטער.
ארטעמי פיליפאָוויטש זעמליאניקא—אופזעער איבער די וווילטעטיקע אנשטאלטנ.

איוואנ קוזמיטש שפעקינ—פּאָטשטמײַסטער.
פיאָטר איוואנאָוויטש דאָבטשינסקי
פיאָטר איוואנאָוויטש באָבטשינסקי
} שטאָטישע גוטבאזיצערס.
איוואנ אלעקסאנדראָוויטש כלעסטאקאָוו—א באאמטער פונ פעטערבורג.
אָסיפ—זײַנ דינער.
כריסטיאנ איוואנאָוויטש היבנער—אויעזד־דאָקטער.
פיאָדר אנדרייעוויטש ליוליוקאָוו
איוואנ לאזארעוויטש ראסטאקאָווסקי
סטעפאנ איוואנאָוויטש קאָראָבקינ
} דעמיסיאָנירטע באאמטע, כאָשעווע פערזאָנענ אינ שטאָט.
סטעפאנ איליטש אוכאָוויאָרטאָוו—פריסטאוו פונ פאָליציי־צירקל.
סוויסטונאָוו
פוגאָוויטצינ
דערזשימאָרדא
} פאָליציאנטנ.
אבדולינ—א סויכער.
פאווראָניא פעטראָוונא פאָשליאָפקינא—א שליאָסערקע.
א ווײַב פונ אנ אונטער־אָפיצער.
מישקע—א דינער באם גאָראָדניטשי.
א דינער אינ טראקטיר
געסט, סאָכרים, שטאָט־לײַט, באזוכער.

# ערשטער אקט

א צימער באַם גאָראָדניטשי אין הויז.

## אופטריט 1

גאָראָדניטשי, אופזעער איבער די וווילטעטיקע אנשטאלטן, אָנפירער פון די שולן, ריכטער, פּריסטאַוו, דאָקטער, צוויי קוואַרטאַלנעס.

**גאָראָדניטשי:** איך האָב אײַך פארבעטן, מײַנע הערן, קעדיי איבערצוגעבן זייער ניט קיין אָנגענעמע יעדיִע: צו אונדז קומט א רעוויזאָר.

**אמאָס פיאָדאָראָוויטש:** וואָס, א רעוויזאָר?

**ארטעמי פיליפּאָוויטש:** וואָס, א רעוויזאָר?

**גאָראָדניטשי:** א רעוויזאָר פון פעטערבורג, אינקאָגניטאָ. דערבײַ נאָך מיט א געהיימער אינסטרוקציע.

**אמאָס פיאָדאָראָוויטש:** אָט האָסטו דיר!

**ארטעמי פיליפּאָוויטש:** ס'האָט געפעלט צאָרעס, איז נא דיר!

**גאָראָדניטשי:** עפּעס אזוי ווי מײַן הארץ וואָלט מיר געזאָגט: הײַנט האָבן זיך מיר א גאנצע נאכט געחלומט עפּעס א פּאָר גוואלדיקע שטשורעס. איך זאָג אײַך: אזוינע האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען. שווארצע, מאָדנע גרויסע! זײַנען זיי געקומען, א שמעק געטאָן—און אוועק. אָט וועל איך אײַך איבערלייענען א בריוו פון אנדריי איוואנאָוויטש טשמיכאָוו, וואָס איר, ארטעמי פיליפּאָוויטש, קענט אים. אָט וואָס ער שרײַבט: „ליבער קאָרעוו, פרײַנט און גוטהארציקער מאן...‟ (מורמלט אונטערן נאָז, איבערלאָפנדיק מיט די אויגן) „... און דיך צו בענאכריכטן‟ נו, אָט איז עס. „אײַל איך זיך, אגעוו, דיר צו בענאכריכטן, אז עס איז געקומען צו פאָרן א באַאמטער מיט אן אינסטרוקציע צו באקוקן די גאנצע גובערניע און באזונדערס אונדזער אויעזד (הייבט אוף באַדײַטנדיק א פינגער). „איך בין עס דערגאנגען פון די סאמע זיכערסטע מענטשן, כאָטש ער גיט זיך ארויס פאר א פּריוואטער פּערזאָן. גאָר אזוי ווי איך ווייס, אז דו האָסט אפ זיך, ווי יעטווידער איינער, פארשיידענע אַווירעלעך, מאכמעס דו ביסט א מענטש א קלוגער און האָסט ניט ליב דורכצולאָזן אָט דאָס, וואָס עס מאכט זיך אונטער די פינגער...‟ (שטעלט זיך אָפּ) נו, דאָ קומען אייגענע זאכן... „ראט איך דיר זײַן אָפּגעהיט, וואָרעם ער קען אָנפאָרן א ליאדע שאָ, אויב ער איז שוין ניט געקומען און וווינט ניט ערגעץ־וווּ אינקאָגניטאָ... נעכטן בין איך...‟ נו, דאָ גייען שוין פאמיליען־זאכן: „מײַן שוועסטער אנא קירילאָווגא איז געקומען צו אונדז מיט איר מאן, איוואַן קירילאָוויטש איז גרײַליך דיק געוואָרן און שפּילט אלץ אפן פידעלע‟ און אזוי ווײַטער, און אזוי ווײַטער. איז אָט וואָס פארא לאגע עס איז, מײַנע הערן!

**אמאָס פיאָדאָראָוויטש:** יאָ, די לאגע איז דאָ עפּעס ניט קיין פּייגלדיקע, גאָר ניט קיין פּייגלדיקע... קענטיק, אז עפּעס איז שוין דאָ פאראן.

**לוקא לוקיטש:** אָבער צוליב וואָס, אנטאָן אנטאָנאָוויטש? פארוואָס? צוליב וואָס קומט צו אונדז א רעוויזאָר?

**גאָראָדניטשי:** צוליב וואָס? ס'איז, קענטיק, שוין אזא מזל! (זיפצט אָפּ) ביז איצט, א דאַנק צו גאָט, פלעגט מען זיך אלץ נעמען צו אנדערע שטעט; איצטער איז אָנגעקומען די צײַט אפ אונדז.

אמאָס פיאָדאָראָוויטש: איך מיין, אנטאָן אנטאָנאָוויטש, אז דאָ שטעקט עפּעס אזא מין איידעלע, דעריקער א פּאָליטישע סיבע. דאָס מיינט אָט וואָס: רוסלאנד... יאָ... וויל פירן א מילכאָמע, און די מיניסטעריע, ווי איר זעט, האָט אונטערגעשיקט א באאמטן, קעדיי צו דערגיין צי ס'איז ניטאָ ערגעץ־וווּ קיין פאראט.

גאָראָדניטשי: גלאט א בראָק געטאָן! און נאָך א קלוגער מענטש דערצו! אין א אריעזדנער שטאָט פאראט! וואָס איז עס, א גרענעץ־שטאָט, צי וואָס? פונדאנען, אז איר וועט יאָגן דריַי יאָר, וועט איר צו קיין מעלוכע ניט אָנקומען.

אמאָס פיאָדאָראָוויטש: ניין, איר הערט, וואָס איך זאָג אייַך. וואָס ארט אייַך... נאטשאלסטווע האָט דאָ א גאנץ טיפן מיין. ס'איז גאָרנישט, וואָס ס'איז וויַיט, נאָר זי נעמט זיך עס אריַין אין זינען.

גאָראָדניטשי: צי זי נעמט זיך עס אריַין, אָדער ניט, נאָר איך, מיַינע הערן, האָב אייַך געוואָרנט: זעט, גיט אכטונג. וואָס עס געהערט צו מיר, האָב איך שוין דאָרטן ארויסגעגעבן פארשיידענע פאראָרדענונגען. איך ראט עס אויך אייַך. באזונדערס אייַך, ארטעמי פיליפּאָוויטש. אָן צווייפל, אז דער באאמטער וועט וועלן קודעם־קאָל באקוקן די ווילטעטיקע אנשטאלטן, וואָס זיַינען אייַך אונטערגעאָרדנט, און דעריבער דארפט איר טאָן אזוי, אז אלץ זאָל דאָרטן זיַין אָנשטענדיק: די קאָפּמיצן דארפן זיַין ריינע און די קראנקע טאָרן ניט אויסזען, ווי די קאָוואליעס, ווי עס טרעפט געוויינלעך, ווען זיי גייען ארום אזוי שטוביק אָנגעטאָן.

ארטעמי פיליפּאָוויטש: נו, דאָס איז גאָרנישט. מיצלעך קאָן מען זיי נאָך אָנטאָן ריינע אויך.

גאָראָדניטשי: יאָ. און מע דארף, אז איבער יעדן בעטל זאָל זיַין אָנגעשריבן אף לאטיין אָדער אף א וואָסער ניט איז אנדער שפראך... דאָס געהערט שוין צו אייַך, כריסטיאן איוואנאָוויטש—א יעדע קראנקייַט: ווען איז ווער קראנק געוואָרן, וואָסער טאָג און דאטע... עס איז ניט גוט, וואָס די קראנקע רויכערן דאָרטן בא אייַך אזא שטארקן טאבעק, אז מען מוז אָנהייבן ניסן, ווען מע קומט אריַין. עס וואָלט ביקלאל געווען גוט, ווען זיי זיַינען וואָס ווייניקער: מע וועט עס באלד אויסטיַיטשן, אז די קראנקע זעט מען שלעכט צו, אָדער אז דער דאָקטער טויג ניט.

ארטעמי פיליפּאָוויטש: אָ, וואָס עס איז שיַיך צו היילן האָבן מיר מיט כריסטיאן איוואנאָוויטשן אָנגענומען אונדזערע אייגענע מיטלען: וואָס נעענטער צו דער נאטור איז אלץ בעסער—טיַיערע רעפּועס באנוצן מיר ניט. דאָס זיַינען פּראָסטע מענטשלעך: אויב שטארבן, וועלן זיי אזוי אויך שטארבן, אויב געזונט ווערן, וועלן זיי אזוי אויך געזונט ווערן. און כריסטיאן איוואנאָוויטשן וואָלט גלאט שווער געווען מיט זיי זיך אויסצוטיַיטשן: ער פארשטייט קיין איין וואָרט ניט אף רוסיש.

כריסטיאן איוואנאָוויטש: (לאָזט ארויס א קלאנג, וואָס איז טיילוויַיז ענלעך אף דער בוכשטאב אי און אביסל אף יע.)

גאָראָדניטשי: אויך וואָלט איך אייַך געראטן, אמאָס פיאָדאָראָוויטש, ווענדן איַיער אופמערקזאמקיַיט אף די אמטלעכע ערטער. דאָרטן אין קאָרידאָר בא אייַך, ווו עס קומען געוויינטלעך מענטשן מיט ביטעס, האָבן זיך די דינער אייַנגעשאפט גענדז און קליינע גענדזלעך, וואָס פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס. פארשטייט זיך, אז

ס'איז זייער ווויל פאַר יעדנ איינעם אײַנצושאַפנ זיך באַלעבאַטישקײַט, און פאַר־וואָס זאָלנ עס טאַקע די דינער אויך ניט טאָנ? נאָר, ווי זאָל איך אײַך זאָגנ, אינ אַזאַ אָרט פּאַסט ניט... דאָס האָב איך אײַך נאָך פריִער געוואָלט זאָגנ, נאָר ס'איז מיר עפּעס פונ זינענ אַרויס.

אַמאָס פיאָדאָראָוויטש: אָט שוינ הײַנט וועל איך הייסנ צונעמענ זיי אַלע אינ קיך אַרײַנ. איר ווילט—קומט צו מיר אַפּ מיטיק.

גאָראָדניטשי: אויסער דעם איז שלעכט, וואָס בײַ אײַך אינ סאַמע געריכט צעהענגט מענ פונ־ליבנ אַפּ אויסטריקענענ אַלערליי שמאַטעס און איבער דער סאַמע אַלמער פונ די פּאַפּירנ הענגט אַ יעגער־בײַטשל. איך ווייס, איר האָט ליב געיעג. פונדעסט־וועגנ איז בעסער אַפּ אַביסל צײַט אים אַראָפּנעמענ, און נאָכדעם, אַז דער רעווי־זאָר וועט דורכפאָרנ, וועט איר אים, אַזוי גוט, ווי קענענ צוריק אויפהענגענ. און דער בײַזיצער אײַערער... ער איז, נאַטירלעך, אַ מענטש אַ קענער, נאָר פונ אים טראָגט אַזאַ רייעך, ווי ער וואָלט אָקאָרשט אַרויס פונ אַ ברוינז—דאָס איז אויך ניט גוט. איך האָב שוינ פונ לאַנג געוואָלט אײַך זאָגנ וועגנ דעם, נאָר איך געדענק ניט, וואָס עס האָט מיר פאַרשלאָגנ דעמ קאָפּ. פאַראַנ אַ מיטל צו דעם, אויב ס'איז טאַקע עמעס ווי ער זאָגט, אַז ס'איז בײַ אים אַנ אײַנגעבאָרענער רייעך: מע קענ אים געבנ אַנ אייצע, ער זאָל עסנ ציבעלע, אָדער קנאָבל, אָדער עפּעס אַנדערש. אינ דער זאַך קענ העלפנ מיט פאַרשיירענע מעדיקאַמענטנ כריסטיאַן איוואַנאָוויטש.

כריסטיאַן איוואַנאָוויטש: (לאָזט אַרויס דעם זעלביקנ קלאַנג).

אַמאָס פיאָדאָראָוויטש: ניינ, דאָס איז שוינ אוממעגלעך פונ אים אַרויסצוטרײַבנ. ער זאָגט, אַז קינדווײַז האָט אים די מאַמע אַראָפּגעוואָרפנ און זינט דעמאָלט טראָגט פונ אים אַביסל מיט בראַנפנ.

גאָראָדניטשי: דאָס האָב איך אײַך גלאַט אַזוי דערמאָנט. וואָס עס איז אָבער שײַעך צו דעם אינעווייניקסטנ פיר, צו דעם, וואָס אַנדריי איוואַנאָוויטש רופט אָנ אינ בריוול אוויירעלעך, קענ איך גאָרנישט ניט זאָגנ. און עס איז אויך מאָדנע צו ריידנ וועגנ דעם: ניטאָ קיינ מענטש, וואָס זאָל ניט האָבנ אַפּ זיך קיינ וועלכע ניט איז אוויירעלעך. דאָס האָט שוינ גאָט אַליינ אַזוי געמאַכט און די וואָלטעריאַ־נער פּאַטערנ קעגנ דעם אומזיסטע רייד.

אַמאָס פיאָדאָראָוויטש: וואָס זשע נעמט איר אָנ, אַנטאָנ אַנטאָנאָוויטש, פאַר אוויי־רעלעך? אַנ אוויירעלע צו אַנ אוויירעלע איז ניט גלײַך. איך זאָג אַלעמענ אָפנ, אַז איך נעם כאַבאַר, אָבער וואָס נעם איך פאַר אַ כאַבאַר? כאָרט־הינטלעך. דאָס איז שוינ עפּעס גאָר אַנ אַנדער זאַך.

גאָראָדניטשי: נו, הינטלעך, צי עפּעס אַנדערש—אַלץ איז כאַבאַר.

אַמאָס פיאָדאָראָוויטש: ע, ניינ, אַנטאָנ אַנטאָנאָוויטש. אָט, לעמאָשל, אויב עמעצנס אַ פוטער קאָסט דאָרטנ אָפּ בײַ אַ פינפ הונדערט קערבלעך, אָדער עפּעס אַ שאַל פאַר דער ווײַב...

גאָראָדניטשי: נו, וואָס איז שוינ פונ דעם, אַז איר נעמט כאַבאַר הינטלעך, כאָרט־הינטלעך? דערפאַר גלויבט איר דאָך ניט אינ גאָט, איר שמעקט דאָך קיינמאָל ניט אַרײַנ אינ קלויסטער: און איך בינ לעכאָלאַפּאָכעס פעסט אינ דער עמונע און יעדנ זונטיק בינ איך אינ קלויסטער. אָבער איר... אָ, איך קענ אײַך: איר, אַז איר נעמט

ריידן וועגן דעמ וויִאזוי די וועלט איז באשאפן געוואָרן שטעלן זיך פּראָסט די האָר קאפויר.

אמאָס פיאָדאָראָוויטש: אָבער איך בין דאָך אליין צו דעם דערגאנגען, מיט דעם אייגענעם סייכל.

גאָראָדניטשי: נו, בא אן אנדער פאל איז צופיל סייכל ערגער ווי גאָר קיין סייכל ניט. אגבוו, האָב איך גלאט אזוי דערמאָנט וועגן אויעזדנעם געריכט. דעם עמעס זאָגנדיק, איז נאָך א פראגע צי ווער ניט איז ווער ווען עס איז ארייַנקוקן אהין: דאָס איז שוין אזא ליב ערטל, וואָס גאָט אליין האָט אפ דעם די השגאָכע. אָבער אָט איר, לוקא לוקיטש, ווי אן אופזעער פון די לערנ־אנשטאלטן, דארפט איר א טראכט טאָן באזונדערס מעקויעך די לערער. זיי זייַנען, פארשטייט זיך, מענטשן געלערנטע און האָבן זיך דערצויגן אין די פארשיידענע קאָלעגיעס, אָבער זיי האָבן זייער מאָדנע בענגלעך, וואָס זייַנען נאטירלעך, שטענדיק פאראן בא א געלערנטן מענטשן. איינער פון זיי, צום בייַשפּיל, אָט דער, וואָס מיט דעם דיקן פּאָנעם... איך געדענק ניט זייַן פאמיליע, קאָן זיך בעשומויפן ניט באגיין אָן דעם, ווי ארופגייענדיק אפ דער קאפעדרע, מאכן א האוויַע אָט אזוי (מאכט א האוויַע). און דערנאָך הייבט ער אָן מיטן האנט פון אונטערן שניפּס זיך גלעטן די באָרד. פארשטייט זיך, אויב ער וועט א שילער מאכן אזא מין פּארצעף איז נאָך גאָרנישט, קען זייַן, אז מע דארף עס גאָר א מאָל האָבן אזוי, וועגן דעם איז מיר שווער צו זאָגן. אָבער זאָגט איר אליין, וואָס וועט זייַן, אז ער וועט עס אָפּטאָן פאר א געקומענעם מענטשן—דאָס קען זיך דאָך ענדיקן זייער ביטער. דער הער רעוויזאָר, אָדער ווער אן אנדערער קען עס אָננעמען אפ זייַן כעזשבן, דער שוּארציאָר וייס, וואָס פון דעם קען נאָך אמאָל ארויסקומען.

לוקא לוקיטש: איז וואָס זשע, בעעמעס, זאָל איך מיט אים טאָן? איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל געזאָגט. אָט טאקע די טעג, ווען ס'איז ארייַן אין קלאס אונדזער פּרעדוואָדיטעל, האָט ער אויסגעקרימט אזא מין פּאָנעם, וואָס איך האָב נאָך אזא בא אים קיינמאָל ניט געזען. ער האָט עס געמאכט טמימעסדיק, פון ריינעם הארצן, אָבער איך האָב געכאפּט אן אויסרייד: אלעמאָל ווערט די יוגנט אָנגעשטעקט מיט פרייַזיניקע געדאנקען.

גאָראָדניטשי: דאָס אייגענע דארף איך אויך זאָגן וועגן דעם לערער פון דער געשיכטע־וויסנשאפט. אז דאָס איז א געלערנטער קאָפּ איז קענטיק, און קענען קען ער א יאם, ער גיט אָבער צו פארשטיין מיט אזא מין ברען, אז ער ווערט ארויסער זיך. איך האָב אים איינמאָל געהערט: נו, קאָלזמאן ער האָט גערעדט וועגן די אסיריִער און באבילאָנער, איז נאָך ווי עס איז. ווי ער איז אָבער דערגאנגען צו אלעקסאנדער מוקדען, איז קען איך אייַך ניט זאָגן, וואָס עס איז פון אים געוואָרן. איך האָב געמיינט, אז ס'איז א סרייפע, ערנ־וואָרט! ער איז אראָפּגעלאָפן פון דער קאַפעדרע און מיט גאָר די קויכעס א זעץ געטאָן דעם שטול אין דר'ערד. יאָ, פארשטייט זיך, אלעקסאנדער מוקדען איז א העלד, אָבער צוליב וואָס ברעכן שטולן? דאָס ברענגט דאָך נאָר שאָדן קאזנא.

לוקא לוקיטש: יאָ, ער איז א היץ־קאָפּ. איך האָב אים שוין דאָס עטלעכע מאָל אָנגעוויזן... זאָגט ער: „ווי איר ווילט זיך, פאר דער וויסנשאפט וועל איך מייַן לעבן ניט שאנעווען".

**גאָראָדניטשי:** יאָ, אזוי איז שוינ דער מאזל פונ מענטשנ, וואָס מענ קענ עס מיטנ סײכל ניט באַנעמענ. א קלוגער מענטש איז אָדער א שיקער, אָדער ער נעמט מאכנ אזוינע האווײַעס, אז מע דארפ פלײַענ, ווי דער שווארצער פעפער וואקסט.

**לוקא לוקיטש:** גאָט זאָל אונדז אָפּהיטנ פונ דינענ אפנ געביט פונ דער וויסנשאפט! דו האָסט פאר אלצ מוירע: יעדערער מישט זיכ, יעדערנ ווילט זיכ ארויסווײַזנ, אז ער איז אויכ א קלוגער.

**גאָראָדניטשי:** דאָס איז נאָכ גאָרנישט—דער פארשאָלטענער אינקאָגניטאָ אָבער, מיר־טאָמאָל איז ער דאָ! „א, איר זײַט דאָ, טײַערינקע, אונ ווער איז דאָ, פרעגט ער, דער ריכטער?“—„ליאפקינ־טיאפקינ“.—„דערלאנג אָקאָרשט אהער דעמ ליאפקינ־טיאפקינ!“ „אונ ווער איז דאָ דער אופזעער איבער די ווילטעטיקע אנשטאלטנ?“ „זעמליאניקא“.—„דערלאנג אָקאָרשט אהער דעמ זעמליאניקא!“. אָט וואָס עס איז ביטער.

## אופטריט 2

די זעלביקע אונ דער פאָטשטמײַסטער.

**פאָטשטמײַסטער:** זאָגט מיר, מײַנע הערנ, וועלכער, וואָס פאר א באאמטער קומט צו פאָרנ?

**גאָראָדניטשי:** וואָסי, איר האָט נאָכ פונ גאָרנישט ניט געהערט?

**פאָטשטמײַסטער:** געהערט עפּעס פונ פיאָטר איוואנאָוויטש באָבטשינסקי. ער איז אָקאָרשט געווענ בא מיר אפ פאָטשט.

**גאָראָדניטשי:** נו, איז ווי? וואָס מיינט איר עפּעס וועגנ דעמ?

**פאָטשטמײַסטער:** וואָס איכ מיינ?—סע וועט זײַנ א מילכאָמע מיט די טערקנ.

**אמאָס פיאָדאָראָוויטש:** אָבער זאָל פעלנ א האָר! איכ האָב אויכ אזוי געמיינט.

**גאָראָדניטשי:** יאָ, איר האָט בײדע געטראָפנ פונקט מיטנ פינגער אינ הימל!

**פאָטשטמײַסטער:** פארלאָזט זיכ, א מילכאָמע מיט די טערקנ. דאָס פּאסקודעט אלצ דער פראנצויז.

**גאָראָדניטשי:** וואָס פאר א מילכאָמע מיט די טערקנ! פראָסט־פּאָשעט אונדז וועט זײַנ ביטער אונ ניט די טערקנ. דאָס איז שוינ קלאָר, איכ האָב א בריוו.

**פאָטשטמײַסטער:** נו, אויב אזוי, וועט ניט זײַנ קײנ מילכאָמע מיט די טערקנ.

**גאָראָדניטשי:** איז ווי, וואָס איז מיט אײַכ, איוואנ קוזמיטש?

**פאָטשטמײַסטער:** וואָס איז מיט מיר? מיט אײַכ וואָס איז, אנטאָנ אנטאָנאָוויטש?

**גאָראָדניטשי:** וואָס איז מיט מיר? שרעקנ שרעק איכ זיכ ניט. נאָר אזוי, א קאפּעלע... עס קוועטשט מיכ אביסל אָט וועגנ די סאָכרימ אונ די שטאָט־לײַט. מע זאָגט, אז איכ בינ פאר זײ געווענ א צו שארפער ביסנ. אָבער, ערנוואָרט, אויב איכ האָב פונ וועמענ עס אינ גענומענ, האָב איכ עס געטאָנ בעשומויפנ ניט פונ שלעכטס. איכ טראכט אפילע (נעמט אימ אונטערנ האנט אונ פירט אימ אָפּ אָנאַזײַט), איכ טראכט אפילע, צי דאָ איז ניט געווענ אפ מיר עפּעס א מעסירע. אינדערעמעסנ, צוליב וואָס דארפ עס קומענ צו אונדז א רעוויזאָר? הערט, איוואנ קוזמיטש, צי

קען מען ניט אמאָל פאר אונדזער אלעמענס טויווע, יעדן בריוו, וואָס קומט אָן צו אײַך אינ פאָטשט, סײַ ארײַנקומענדיקע, סײַ ארויסגייענדיקע בריוו, צי קען מען זיי ניט, ווי זאָל איך אײַך זאָגן, עטוואָס עפענען און דורכלייענען: עפשער איז דאָרטן פאראן עפעס א מעסירע, אָדער מען שרײַבט זיך דורך גלאט אזוי: אויב ניט, קען מען אים צוריק פארקלעפן. אגעוו, קען מען דעם בריוו אָפגעבן אזוי אויך, אן אָפענעם.

פאָטשטמײַסטער: איך ווייס, איך ווייס... דאָס דארפט איר מיך ניט לערנען. דאָס טו איך ניט אזוי צוליב באוואָרעניש, ווי מער פון נײַגעריקײַט וועגן: איך כאלעש וויסן, וואָס עס טוט זיך נײַס אפ דער וועלט. און כ׳דארף אײַך זאָגן, אז ס׳איז גוואל־דיק טשיקאווע צו לייענען. אן אנדער בריוול לייענסטו איבער מיט אזא מינ פארגעניגן, מען באשרײַבט אזוינע פארשיידענע פאסאזשן... און סארא מאָראל פארן מענטשן... בעסער נאָך ווי אינ די „מאָסקאָווסקיא וועדאָמאָסטי‟.

גאָראָדניטשי: נו, טאָ זאָגט, האָט איר גאָרנישט ניט ארויסגעלייענט וועגן איינעם א באאמטן פון פעטערבורג?

פאָטשטמײַסטער: ניין, וועגן א פעטערבורגער איז גאָרנישט ניטאָ, אָבער וועגן קאָסטראָמער און סאראטאָווער רעדט זיך אסאך. א שאָדן, פונדעסטוועגן, וואָס איר לייענט ניט קיינ בריוו: פאראן וווּנדערלעכע ערטער. אָט דאָ אנומלטן האָט איינער א פאָרוטשיק אָנגעשריבן צו זײַנעם א כאווער און האָט באשריבן א באל טשאקנדיק... זייער, זייער גוט: „מײַנ לעבן, ליבער פרײַנט, פליסט‟, זאָגט ער, „אינ די עמפירייען, פרײַלנס אסאך, מוזיק שפילט, דער שטאנדארט פלאטערט...‟ געשריבן מיט אסאך, אסאך געפיל. כ׳האָב אימיסטן איבערגעלאָזן דעם בריוו בא זיך. איר ווילט, קען איך אײַך איבערלייענען?

גאָראָדניטשי: ניין, איצטער האלט איך ניט דערבײַ. איז טוט די געפעליקײַט, איוואנ קוזמיטש. טאָמער מאכט זיך דאָרטן אן אָנקלאָגע, צי א מעסירע, טראכט ניט קיינ סאך און פארהאלט.

פאָטשטמײַסטער: מיט דעם גרעסטן פארגעניגן.

אמאָס פיאָדאָראָוויטש: זעט, איר וועט נאָך אמאָל כאפן דערפאר.

פאָטשטמײַסטער: אך, גאָט אינ הימל!

גאָראָדניטשי: ס׳איז גאָרנישט! גאָרנישט. זעט איר, ווען מע מאכט עפעס דערפון אן עפנטלעכע זאך, אָבער דאָס איז דאָך נאָר א היימישע זאך.

אמאָס פיאָדאָראָוויטש: יאָ, עס האָט זיך פארקאָכט ניט קיינ געשמאקער איניען. און איך מוז אײַך זאָגן, בינ גאָר געגאנגען צו אײַך, אנטאָן אנטאָנאָוויטש, קעדיי אײַך שענקען א צײַגעלע. דאָס איז א לײַבלעכע שוועסטער פון יענעם הינטל, וואָס איר קענט אים. מיסטאָמע, האָט איר דאָך געהערט, אז טשעפטאָוויטש מיט ווארכאָ־ווינסקין האָבן אָנגעהייבן צווישן זיך א לאָדעניש, איז איצטער מיר גוט ווי די וועלט: איך כאפ האָזן סײַ בא דעם, סײַ בא יענעם אפ די פעלדער.

גאָראָדניטשי: ליבער גאָט, עס קריכן מיר ניט אינ קאָפ אײַערע האָזן: בא מיר זיצט דער פארשאָלטענער אינקאָגניטאָ אינ קאָפ. עפעס ווארטסטו אלץ, אז אָט טוט זיך אן עפן די טיר — און פוצ...

## אופטריט 3

די זעלביקע אונ ב אָ ב ט ש י נ ס ק י אונ ד אָ ב ט ש י נ ס ק י, בײדע קומענ ארײַנ פֿונ אנ אָטעם.

ב אָ ב ט ש י נ ס ק י: אנ אויסערגעװײנלעכע געשעעניש!

ד אָ ב ט ש י נ ס ק י: אומגעריכטע נײַס!

א ל ע: װאָס איז אזױנס?

ד אָ ב ט ש י נ ס ק י: אנ אומדערװאַרטעטע זאכ: מיר גײענ ארײַנ אינ האָטעל...

ב אָ ב ט ש י נ ס ק י: (שלאָגט אים איבער) מיר גײענ ארײַנ מיט פּיאָטר איװאנאָװיטשנ אינ האָטעל...

ד אָ ב ט ש י נ ס ק י: (שלאָגט אים איבער) ע, דערלויבט, פּיאָטר איװאנאָװיטש, איכ װעל דערצײלנ.

ב אָ ב ט ש י נ ס ק י: ע, נײנ, איר דערלויבט מיר... דערלויבט, דערלויבט... אז איר האָט דאָכ גאָרניט אזא מויל צום רײדנ...

ד אָ ב ט ש י נ ס ק י: אונ איר װעט ארויפֿקריכנ פֿונ װעג אונ װעט זיכ ניט אלצ דער־מאָנענ.

ב אָ ב ט ש י נ ס ק י: כ'װעל זיכ דערמאָנענ. אפֿ מײַנ װאָרט, כ'װעל זיכ דערמאָנענ. שטערט זשע ניט, לאָזט. איכ'ל דערצײלנ, שטערט ניט. זאָגט אים, מײַנע הערנ, טוט די געפֿעליקײַט, אז פּיאָטר איװאנאָװיטש זאָל ניט שטערנ.

ג אָ ר אָ ד נ י ט ש י: אָבער זאָגט שױנ, ליבער גאָט, װאָס איז אזױנס? עס פֿאלט מיר ארויס דאָס הארצ. זעצט זיכ — מײַנע הערנ! נעמט שטולנ! פּיאָטר איװאנאָװיטש, נאט אײַכ א שטול! (אלע זעצנ זיכ ארום די פּיאָטר איװאנאָװיטשעס) נו װאָס, װאָס איז אזױנס?

ב אָ ב ט ש י נ ס ק י: דערלויבט, דערלויבט: כ'װעל אלצ אזוי קעסײדער. װי נאָר איכ האָב געהאט דעם פֿארגעניגנ ארויסצוגײנ פֿונ אײַכ, נאָכדעם װי איר האָט זיכ גע־טאָנ ערגערנ פֿונעם באקומענעם בריװ, בינ איכ דעמאָלט באלד ארײַנגעלאָפֿנ... נו, זײַט אזוי גוט, שלאָגט ניט איבער, פּיאָטר איװאנאָװיטש. כ'װײס שױנ פֿונ אלצ, אלצ, אלצ! בינ איכ, אזױװי איר זעט, ארײַנגעלאָפֿנ צו קאָראָבקינענ. קאָראָבקינענ ניט געטראָפֿנ אינ שטוב. האָב איכ זיכ ארײַנגעכאפּט צו ראסטאקאָװסקינ, אונ ניט טרעפֿנדיק ראסטאקאָװסקינ בינ איכ ארײַנ אָט צו א װאנ קוזמיטשנ, קעדײ איבער־צוגעבנ אים די נײַס, װאָס איר האָט באקומענ, אונ גײענדיק פֿונ דאָרטנ האָב איכ באגעגנט פּיאָטר איװאנאָװיטשנ...

ד אָ ב ט ש י נ ס ק י: (שלאָגט איבער) בא דער בודקע, װו מע פֿארקויפֿט די בולקעס.

ד אָ ב ט ש י נ ס ק י: בא דער בודקע, װו מע פֿארקויפֿט די בולקעס. יאָ, באגעגנט פּיאָטר איװאנאָװיטשנ, זאָג איכ צו אים: צי האָט איר ניט געהערט די נײַס, װאָס עס האָט גע־קראָגנ אנטאָנ אנטאָנאָװיטש פֿונ א זיכערנ בריװ? אָבער פּיאָטר איװאנאָװיטש האָט שױנ געהערט װעגנ דעם פֿונ אײַער עקאָנאָמקע, אװדאָטיע, װאָס מע האָט זי געשיקט, איכ װײס ניט נאָכ װאָס, צו פֿיליפּ אנטאָנאָװיטש פּאָטשעטשויעװנ.

ד אָ ב ט ש י נ ס ק י: (שלאָגט איבער) נאָכ א פֿעסעלע אפֿ פֿראנצויזישנ בראנפֿנ.

ב אָ ב ט ש י נ ס ק י: (רוקט אָפּ זײַנע הענט) נאָכ א פֿעסעלע אפֿ פֿראנצויזישנ בראנפֿנ. איז גײענ מיר מיט פּיאָטר איװאנאָװיטשנ צו פּאָטשעטשויעװנ... אָבער זעט, פּיאָטר

איוואַנאָוויטש... דאָס... ע... שלאָגט מיר ניט איבער!.. איך בעט אײַך, שלאָגט מיר ניט איבער. גייען מיר אַזוי צו פּאַטשעטשויעווו, נאָר אונטערוועגנס זאָגט פּיאָטר איוואַנאָוויטש: „לאָמיר אַרײַנגייען", זאָגט ער, אין טראַקטיר. בײַ מיר איז מאָגן... פֿון אײַנדערפֿרי, ווי כ'האָב גאָרנישט ניט געהאַט אין מויל, איז בײַ מיר אַ מאָגן־„ציטערניש"... יאָ, דאָס הייסט, אין מאָגן בײַ פּיאָטר איוואַנאָוויטשן...
„און אין טראַקטיר, זאָגט ער, „האָט מען איצטער געבראַכט פֿרישע שאָנגע, וועלן מיר צובײַסן". איז ווי מיר זײַנען נאָר אַרײַן אין האָטעל, ערשט פּלוצלינג אַ יונגערמאַן...

דאָבטשינסקי: מיט אַ גאַנץ פֿײַנעם אָנזען, ציוויל געקליידעט...

באָבטשינסקי: מיט אַ גאַנץ פֿײַנעם אָנזען, ציוויל געקליידעט און גייט אַרום עפּעס אַזוי איבערן צימער און אויפֿן פּנים איז עפּעס אַ ראַיען אַזאַ... די פֿיזיאָנאָמיע, די גענג און דאָ (דרייט מיטן פֿינגער בײַם שטערן) טוט זיך עפּעס אַ גוואַלד... ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, טו איך זיך אַ ווענד צו פּיאָטר איוואַנאָוויטשן „דאָ איז עפּעס ניט גלאַט". יאָ, אָבער פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט שוין דערווײַל אַ ווונק געטאָן מיטן פֿינגער און צוגערופֿן דעם שענקער, וולאַס דעם שענקער. זײַן ווײַב האָט אים מיט דרײַ וואָכן צוריק געהאַט אַ קינד, און אַזאַ מײַדים אַ ייִנגל. ער וועט אויך, ווי דער טאַטע, האַלטן מיסטאָמע אַ שענק. צוגערופֿן וולאַסן, טוט פּיאָטר איוואַנאָוויטש אַ פֿרעג בײַ אים שטילינקערהייט: „ווער, זאָגט ער, איז דער דאָזיקער יונגערמאַן?" און וולאַס ענטפֿערט אים אויף דעם: „דאָס איז, זאָגט ער..." ע, שלאָגט מיך ניט איבער, פּיאָטר איוואַנאָוויטש, זײַט אַזוי גוט, שלאָגט ניט איבער, איר וועט ניט קענען דערציילן, ערנוואָרט, איר וועט ניט קענען דערציילן. איר פּאָנפֿעט דאָך אַביסל. בײַ אײַך, ווערליק איך ווייס, איז פֿאַראַן אַ צאָן אין מויל וואָס פֿײַפֿט... „דאָס, זאָגט ער, איז אַ יונגערמאַן אַ באַאַמטער, יאָ, וואָס פֿאָרט פֿון פּעטערבורג, און הייסן הייסט ער, זאָגט ער, איוואַן אַלעקסאַנדראָוויטש כלעסטאַקאָוו, און פֿאָרן פֿאָרט ער, זאָגט ער, אין סאַראַטאָווער גובערניע, און פֿירט זיך אויף, זאָגט ער, גאָר, גאָר מאָדנע: שוין די צווייטע וואָך, ווי ער וווינט דאָ, פֿאָרט ניט אַרויס פֿון טראַקטיר, נעמט אַלץ אויף באָרג, און וויל ניט געבן קיין קאָפּיקע". ווי ער האָט עס מיר נאָר אַ זאָג געטאָן, איז ווי מע וואָלט מיר געגעבן אַ ווונק פֿון אויבן: „ע", זאָג איך צו פּיאָטר איוואַנאָוויטשן...

דאָבטשינסקי: ניין, פּיאָטר איוואַנאָוויטש דאָס האָב איך געזאָגט „ע!".

באָבטשינסקי: טכילעס האָט איר געזאָגט, אָבער נאָכדעם האָב איך אויך געזאָגט. „ע", האָבן מיר געזאָגט מיט פּיאָטר איוואַנאָוויטשן, „צוליב וואָס אַשטייגער, זיצט ער דאָ, ווען דער וועג זײַנער ליגט גאָר אין דער סאַראַטאָווער גובערניע?" יאָ. איז אָט דאָס איז ער טאַקע דער באַאַמטער.

גאָראָדניטשי: ווער? וואָסער באַאַמטער?

באָבטשינסקי: נו, דער באַאַמטער, וועגן וועלכן איר האָט באַוויליקט צו באַקומען די נאָטאַציע—דער רעוויזאָר.

גאָראָדניטשי: (אין שרעק) וואָס רעדט איר, גאָט איז מיט אײַך! דאָס איז ניט ער.

דאָבטשינסקי: ער! אי ער צאָלט קיין געלט ניט, אי ער פֿאָרט ניט. ווער זשע זאָל עס זײַן, אויב ניט ער. און זײַנע וועג־פּאַפּירן זײַנען אויסגעשריבן אויף סאַראַטאָוו.

באָבטשינסקי: ער, ער, ערנוואָרט, ס'איז ער... הערט סארא אויג ער האָט: אלצ האָט ער באטראכט, דערזען, אז מיר מיט פיאָטר איוואנאָוויטשנ עסנ שאָנגע, מער אזוי צוליב דעמ, וואָס פיאָטר איוואנאָוויטש האָט צו טאָנ מיטנ מאָגנ... יאָ, האָט ער אפילע צו אונדז אינ די טעלער אריַינגעקוקט. סארא אָפגעהיטער! מיר איז אויש דורכגעגאנגענ א ציטער איבערנ לײַב.

גאָראָדניטשי: גאָט אינ הימל, דערבארעמ זיכ אפ אונדזערע זינדיקע מענטשנ. אינ ווו זשע וווינט ער דאָרטנ?

דאָבטשינסקי: אינ פינפטנ נומער, אונטער די טרעפ.

באָבטשינסקי: אינ דעמ זעלביקנ נומער, ווו ס'האָבנ זיכ פאראיאָרנ צעשלאָגנ די אָפיצערנ, וואָס זײַנענ דורכגעפאָרנ.

גאָראָדניטשי: אונ שוינ לאַנג, ווי ער איז דאָ?

דאָבטשינסקי: שוינ דאָ א פאָר וואָכנ. ער איז געקומענ צו פאָרנ אינ טאָג פונ וואַ-סילי דעמ עגיפטער.

גאָראָדניטשי: א פאָר וואָכנ! (אָנאזײַט) טאטינקע מײַנע! שטייט מיר בײַ הייליקע פונ יענער וועלט! פאר אָט די צוויי וואָכנ האָט מענ אָפגעשמיסנ דעמ אונטער-אָפיצערס ווײַב. די ארעסטירטע האָט מענ ניט ארויסגעגעבנ קיינ עסנווארג. אפ די גאסנ איז א שענק. אָנגעפאסקודיעט! א כארפע, א שאנד!

ארטעמי פיליפאָוויטש: נו, וואָס, אנטאָנ אנטאָנאָוויטש?—מענ דארפ נעמענ אונ פאָרנ מיט א פאראד אינ האָטעל אריַינ.

אמאָס פיאָדאָראָוויטש: ניינ, ניינ! פריִער דארפ מענ לאָזנ דעמ קאָפ פונ שטאָט, די גײַסטלעכע, די סאָכרימ; אָט איז אינ דעמ בוכ „די טאטנ פונ יאָאנ דעמ מאסאָנ"...

גאָראָדניטשי: ניינ, ניינ, לאָזט שוינ מיכ אליינ: עס זײַנענ געווענ שווערע פאלנ אינ מײַנ לעבנ אונ זײַנענ אראָפ גלאט. איכ האָב אפילע א דאנק איכ באקומענ. עפשער וועט מיר דער אויבערשטער אויכ איצטער בײַשטיינ. (צו באָבטשינסקינ) איר זאָגט, אז ער איז א יונגערמאנ?

באָבטשינסקי: א יונגער, פונ א יאָר דרײַ אָדער פיר אונ צוואנציק מיט נאָכ עפעס.

גאָראָדניטשי: איז נאָכ בעסער: א יונגנ וועסטו גיכער דערשנאפנ. שלעכט איז, אויב ס'איז אנ אלטער שווארציאָר, אָבער א יונגער ליגט אינגאנצנ אפנ האנט. איר, מײַנע הערנ, גרייט זיכ צו איטלעכער אפ זײַנ געביט אונ איכ וועל זיכ אוועקלאָזנ אליינ, אָדער, אָט כאָטש מיט פיאָטר איוואנאָוויטשנ אזוי פריוואט, אפ א שפאציר, דערגיינ צי פעלט עפעס ניט די דורכפאָרער אינ זייערע באדערפענישנ. עי, סוויסטונאָוו!

סוויסטונאָוו: וואָס וועט איר הייסנ?

גאָראָדניטשי: גיי גלײַכ נאָכ דעמ פריסטאוו, אָדער ווארט, איכ דארפ דיכ האָבנ. זאָג דאָרטנ וועמענ ניט איז, אז מע זאָל וואָס גיכער ברענגענ צו מיר דעמ פריסטאוו אונ קומ צוריק אהער (דער קווארטאלנער פליט אָנ אנ אָטעמ).

ארטעמי פיליפאָוויטש: לאָמיר גיינ, לאָמיר גיינ, אמאָס פיאָדאָראָוויטש! עס קאָנ נאָכ אמאָל מאקע עפעס טרעפנ אנ אומגליק.

אמאָס פיאָדאָראָוויטש: איז וואָס האָט איר וואָס מוירע צו האָבנ? אָנגעטאָנ די ריינע קאָפ-מיצלעכ אפ די קראנקע, אונ טוט אײַכ עפעס.

**ארטעמי פיליפאָוויטש:** וואָס פאַר א מיצלעכ־שמיצלעכ! מענ האָט געהייסנ די קראנקע געבנ האָבער־זופּ אונ בא מיר אינ די קאָרידאָרנ טראָגט מיט אזא מינ סאָרט קרויט, אז ס׳איז פּראָסט געפערלעכ פאַר דער נאָז.

**אמאָס פיאָדאָראָוויטש:** אָבער איכ בינ זיכ אינ דעם פאַל גאנצ רויִק. אינדערעמעסנ, ווער וועט עס ארײַנשמעקנ אינ א אויעזדנעם־געריכט? אונ אויב עמעצער וועט נאָכ כאפּנ א קוק ארײַנ אינ א וועלכער ניט איז פּאפּיר, מעג ער זיכ געזעגנענ מיטנ לעבנ אויכ. שוינ 15 יאָר, ווי איכ זיצ אפנ ריכטער־שטול, אונ ווי נאָר איכ טו זיכ ארײַנ אינ א פּאפּיר—אָ, קוועטש איכ נאָר מיט די פּלייצעס: שלוימע האמעלעכ אליינ וועט ניט דערגיינ, וואָס עס איז דאָרטנ עמעס אונ וואָס עס איז ניט עמעס. (דער ריכטער, דער אופזעער איבער די וווילטעטיקע אנשטאלטנ, דער אופזעער איבער די לערנ־אנשטאלטנ אונ דער פּאָטשטמײַסטער גייענ אָפּ אונ שטויסנ זיכ אָב אינ טיר מיט דעמ צוריקגעקומענעמ קווארטאלנעמ).

## אופטריט 4

דער גאָראָדניטשי, באָבטשינסקי, דאָבטשינסקי אונ דער קווארטאלנער.

**גאָראָדניטשי:** נו, די דראָזשקע איז שוינ דאָרטנ דאָ?

**קווארטאלנער:** שוינ דאָ.

**גאָראָדניטשי:** גיי אינ גאס... אָדער, ניינ, ווארט צו! גיי ברענג... אונ וווּ זײַנענ די איבעריקע? זאָל עס טאקע זײַנ, אז דו ביסט דאָ נאָר אליינ? איכ האָב דאָכ געהייסנ, אז פּראָכאָראָוו זאָל דאָ אויכ זײַנ! וווּ איז פּראָכאָראָוו?

**קווארטאלנער:** פּראָכאָראָוו איז אינ צירקל, אָבער סײַווי קענ מענ אימ צו דער זאכ ניט באנוצנ.

**גאָראָדניטשי:** וואָס הייסט?

**קווארטאלנער:** אָט דאָס הייסט: מע האָט אימ געבראכט אינדערפרי פּארקנאקט. שוינ צוויי עמער וואסער אפּ אימ אויסגעגאָסנ אונ ביז איצט נאָכ אלצ ניט געקומענ צו זיכ.

**גאָראָדניטשי:** (כאפּט זיכ פארנ קאָפּ) אכ, גאָט, מײַנ גאָט! גיי וואָס גיכער אינ גאס, אָדער ניינ, פריִער לויפ ארײַנ אינ צימער, הער זיכ אײַנ! אונ טראָג מיר ארויס פונדאָרטנ די שפּאגע אונ די נײַע הוט. נו, פּיאָטר איוואנאָוויטש, לאָמיר פאָרנ!

**באָבטשינסקי:** איכ אויכ... איכ אויכ... לאָזט אויכ מיכ, אנטאָנ אנטאָנאָוויטש.

**גאָראָדניטשי:** ניינ, ניינ, פּיאָטר איוואנאָוויטש, מע קענ ניט, מע קענ ניט! ס׳איז ניט באקוועמ, אונ מיר וועלנ זיכ סײַווי אפּ דער דראָזשקע ניט אויסזעצנ.

**באָבטשינסקי:** ס׳איז גאָרנישט, ס׳איז גאָרנישט. אָט אזוי ווי א הענדעלע וועל איכ, ווי א קליינ הענדעלע וועל איכ א לאָפּ טאָנ נאָכנ פורל. אז איכ דארפ בעסאכאקל נאָר א קאפּעלע ארײַנקוקנ אינ שפּעלטעלע פונ טיר. וואָס זײַנענ עס דאָרט פארא געגנגעלעכ בא אימ...

**גאָראָדניטשי:** (נעמענדיק די שפּאגע, צומ קווארטאלנעמ) לויפ שוינ, נעמ די דעסיאטניקעס אונ זאָל יעדערער פונ זיי נעמענ... אָ, ווי די שפּאגע איז צעראצט! אזא מיִעסער הענדלערל אָט דער אבדולינ—זעט, אז דער גאָראָדניטשי האָט אנ אלטע שפּאגע, שיקט ער ניט צו קיינ נײַע. אָ, סארא פאלשע כעווראַ דאָס זײַנענ! אָבער,

איך מיין, אַז זיי גרייטן שוין דאָרטן, די שווינדלער אזוי פון הינטן ארום די ביטעס... זאָל יעדערער נעמען אין האנט אריין א גאס... צום שוואַרציאָר, א גאס גאָר—א בעזים! און זאָלן זיי אויסקערן די גאנצע גאס, וואָס פירט צום טראַקטיר, און מען זאָל אויסקערן ריין... דו הערסט! זע, דו, דו, איך קען דיך: דו ווערסט דאָרט דערוויַילע א גוטער ברודער און גאַנוועסט זילבערנע לעפלעך אין די באָט־פאָרטן אריַין,—זע, בא מיר איז ניטאָ קיין קונצן!.. וואָס האָסטו געטאָן מיט דעם קרעמער טשערניאיעוו, הא? ער האָט דיר געגעבן אפ א מונדיר צוויי ארשין סכוירע, און דו האָסט צוגעלאַקכנט די גאנצע שטיק. זע! דו נעמסט ניט נאָכן ראַנג נאָך! מארש!



## אופטריט 5

די זעלביקע און דער פריסטאַוו.

גאָראָדניטשי: א, סטעפאַן איליטש! זאָגט, אום גאָטעס ווילן, ווו זיַיט איר עס אהינ־געקומען? עס טויג דאָך ניט אזוי.

פריסטאַוו: איך בין געווען אָטאָ דאָ, אהינטערן טויער.

גאָראָדניטשי: נו, טאָ הערט זשע, סטעפאַן איליטש! דער באאמטער פון פעטערבורג איז שוין געקומען. וואָס האָט איר דאָרטן פאַראָרדנט?

פריסטאַוו: אָט דאָס, וואָס איר האָט באפוילן. דעם קווארטאַלנעם פוגאָוויצין האָב איך אוועקגעשיקט מיט די דעסיאַטניקעס אָפּרייניקן דעם טראָטואַר.

גאָראָדניטשי: און דערזשימאָרדא, ווו איז?

פריסטאַוו: דערזשימאָרדא איז אוועקגעפאָרן אפ דער פאָזשארנער קישקע.

גאָראָדניטשי: און פראָכאָראָוו איז שיקער?

פריסטאַוו: שיקער.

גאָראָדניטשי: וויַאזוי דערלאָזט איר עס צו אזא זאך?

פריסטאַוו: אז ווער ווייס אים. נעכטן באטאָג האָט געטראָפן א געשלעג הינטערן שטאָט. ער איז אוועקגעפאָרן אהין מאכן אָרדענונג און צוריק געקומען שי־קער.

גאָראָדניטשי: טאָ הערט זשע, איר טוט אָט וואָס: דער קווארטאַלנער פוגאָוויצין... ער איז א הויכער, דארף מען אים אוועקשטעלן אפן בריק, צוליב וויל־איַינאָרדע־נונג. איינס און צוויי צענעמען דעם אַלטן פּארקן, וואָס נעבן שוסטער, און אוועק־שטעלן א מוסטער־שטאנג, עס זאָל אויסקומען, אז מע פּלאַנירט דאָ. מאכמעס וואָס מער עס איז צעבראָכן, אַלץ מער באווייַזט עס, אז דער אָנפירער פון שטאָט איז אריַינגעטאָן אין ארבעט. אך, ליבער גאָט! איך האָב דאָך פארגעסן, אז נעבן יענעם פּארקן איז אָנגעוואָרפן עפּשער בא א פערציק וואָגן קאָלערליי מיסט. סארא מיִעסע שטאָט! דו דארפסט נאָר ערגעץ־ווּ אוועקשטעלן עפּעס א דענקמאָל, אָדער אפילע גלאט א פּארקן, איז דער שווארציאָר וויים פונוואַנען, טראָגט מען גליַיך אָן קאָלערליי פּאסקודסטווע! (זיפצט אָפּ). יאָ, און אויב דער געקומענער באאמטער וועט פרעגן בא די בעאַמטע זעלנער, צי מען איז צופרידן?—זאָל מען זאָגן: „מיט אַלץ צופרידן, איַיער וווילגעבורט!“ נאָר טאָמער וועט דאָרט עמעצער זיַין אומצופרידן, וועט ער שוין

נאָכדעם כאפּנ בא מיר אזא מינ אומצופרידעניש... אָ, אָכ, כאָ, כאָ־כ! א זינדיקער מענטש! גרויסע אַוויירעס! (נעמט אנשטאָט דער הוט דעם פּוטליאר פונ הוט) גיב גאָט, אז ס'זאָל מיר וואָס גיכער אראָפּגייִנ גלאַט, וועל איכ דעמאָלט אוועקשטעלנ אזא מינ ליכט, וואָס קיינער האָט נאָכ אזא ניט געשטעלט. איכ וועל אפ יעדנ גאַנייִוועשנ קרעמער ארופלייגנ, מע זאָל צושטעלנ צו דרײַ פונט וואקס. אָ, גאָט, מײַנ גאָט! מיר פאָרנ, פּיאָטר איוואַנאָוויטש (אָנשטאָט דער הוט וויל ער אָנטאָנ דעם פּאַפּירענעם פּוטליאר).

פּריסטאַוו: אנטאָנ אנטאָנאָוויטש, דאָס איז א פּושקע און ניט קיינ הוט.

גאָראָדניטשי: (ווארפט זי אוועק) א פּושקע, זאָל זײַנ א פּושקע. צו אלדי קלאָגנ! און אויב מע וועט פרעגנ: לעמײַ איז ניט אויסגעבויט דער קלויסטער בא דעם וווילטעטיקנ אנשטאלט, אפ וועלכנ מע האָט פאר פינפיאָרנ אסיגנירט א סומע, זאָל מענ ניט פארגעסנ זאָגנ, אז מענ האָט אָנגעהויבנ בויענ, נאָר ער האָט אָפּגעברענט. איכ האָב שוינ וועגנ דעם אויכ צוגעשטעלט א ראַפּאָרט. עס קענ נאָכ אמאָל ווער ניט איז פארגעסנ זיכ און אויספּלוידערנ פונ נארישקײַט, אז מענ האָט דעם קלויסטער ניט אָנגעהויבנ בויענ. יאָ, און מע דארפ זאָגנ דערושימאָרדענ ער זאָל אביסל אײַנהאלטנ די הענט; ער שטעלט אלעמענ לאמטערנעס אונטער די אויגנ, צוליב אָרדענונג סײַ דעם גערעכטנ, סײַ דעם אומגערעכטנ. לאָמיר פאָרנ. מיר פאָרנ, פּיאָטר איוואַנאָוויטש! (גייט אָפּ און קערט זיכ אום) און מע זאָל ניט ארויסלאָזנ די סאָלדאטנ אפּנ גאס אָנ אלעם אנאנדער. די דאָזיקע ניוזיקע גארניזע ווארפט אפ זיכ ארופ דעם מונדיר איבערנ העמד און אונטנ איז גאָרניש ניטאָ (אלע גייענ אָפּ).

## אופטריט 6

אננא אנדרײיעוונא און מאריא אנטאָנאָוונא לויפנ ארײַנ אפּנ סצענע.

אננא אנדרײיעוונא: איז ווו זשע, ווו זײַנענ זיי? אכ, ליבער גאָט! (עפנט די טיר) מײַנ מאנ, אנטאָשא! אנטאָנ (רעדט אפּ גיכ) אלצ דו, אלצ צוליב דיר! האָט זיכ דאָרטנ גענומענ פּאָרענ: „איכ'ל דאָס שפּילקעלע, איכ'ל דאָס טיכעלע!.. (לויפט צו צום פענצטער און שרײַט) אנטאָנ, וווהינ־זשע, וווהינ? וואָס, געקומענ צו פאָרנ? א רעוויזאָר? מיט וואָנצנ! מיט וואָס פארא וואָנצנ?

די שטימ פונ גאָראָדניטשי: שפּעטער, שפּעטער, טײַערינקע!

אננא אנדרײיעוונא: שפּעטער! נאָכ א נײַס, שפּעטער! איכ וויל ניט שפּעטער!.. זאָג מיר נאָר איינ וואָרט: וואָס איז ער, א פּאָלקאָווניק? א? (מיט גרינגשעצונג) אוועקגעפאָרנ! ווארט, איכ'ל עס דיר פארגערעכנענ! און אלצ זי: מאַמעניו, מאַמעניו, ווארט, איכ בעט אײַכ, כ'וועל צושפּיליענ פונ הינטנ דאָס טיכעלע; אָט שוינ. אָט האָסטו דיר אנ אָט שוינ. אָט האָסטו דיר, אז מיר ווייסנ איצטער גאָרנישט! און אלצ די פארפלוכטע קאָקעטערײַ: דערהערט, אז דער פּאָטשטמײַסטער איז דאָ, האָט זי זיכ גענומענ דרייענ פארנ שפּיגל: דאָ פונ דער זײַט צוגעגאנגענ, דאָ פונ יענער זײַט. זי מיינט, אז ער לויפט זי טאקע נאָכ. אָבער אז דו קערסט זיכ אָפּ לאכט ער זיכ פונ דיר אויס.

מ א ר י א א י ו א נ אָ ו נ א: איז וואָס זשע זאָל מען טאָן, מאמעניו? אלץ איינס, אין א פּאָר שאָ ארום, וועלן מיר זיך שוין פון אלץ דערוויסן.

א נ א א נ ד ר יי ע ו נ א: אין א פּאָר שאָ ארום! א שיינעם דאנק! אָט האָסטו דיר אַנטספער! לעמיַ איז דיר ניט איַינגעפאלן צו זאָגן, אז אין א כוידעש ארום קאָן מען זיך נאָך מער דערוויסן? (רוקט זיך ארויס אין פענצטער) עי, אוודאָטיא! א? וואָס? אוודאָטיא, דו האָסט ניט געהערט, עמעצער איז דאָרט געקומען צו פאָרן? ניט געהערט?.. נארעשער קאָפּ! ער האָט געמאכט מיט די הענט? זאָל ער מאכן מיט די הענט, אָבער דו האָסט פאָרט געדארפט בא אים אויספרעגן. ניט געקענט דער־גיין! אז ס'זיצט א דול אין קאָפּ, אלץ מיט די כאסאנים! א? אפּ גיך אוועקגעיאָגט! עפּשער וואָלסטו א לאָף געטאָן נאָך דער דראָזשקע? לויף, לויף צו, אָט שוין! דו הערסט, לויף צו און דערגיי, וווהין זיַינען זיי אוועקגעפאָרן. אָבער פרעג אויס ווי סע געהער צו זיַין: וואָס איז עס פאר א געקומענער, ווי זעט ער אויס—דו הערסט? קוק דאָרטן אריַין אין א שפּעלטעלע און דערגיי אלץ, און אויך וואָס פארא אויגן: שווארצע צי ניט, און זאָלסט מיר אין דער רעגע קומען צוריק, דו הערסט? גיכער, גיכער, גיכער! (שריַיט אזוי לאנג ביז עס פאלט ניט דער פאָרהאנג. און אָט אזוי פארשטעלט דער פאָרהאנג זייביידן, שטייענדיק באם פענצטער).

---

## צווייטער אקט

א קליין צימערל אין א האָטעל. א בעט, א טיש, א טשעמאָדאן,
א ליידיק פלעשל, שטיול, א קליידער־בערשטל און אנד.

### אופטריט 1

אָ ס י פּ: (ליגט אפן באלעבאָס בעט) צו אלדי שווארצ יאָר! איך כאלעש עסן און אין בויך איז אזא קנאקעריַי, פונקט א גאנצער פּאָלק סאָלדאטן וואָלטן אָנגעהויבן בלאָזן אין די טרובעס. אז איך זע שוין, מיר וועלן ניט דערפאָרן אהיים, און פארטיק! וואָס זאָגסטו דערצו? שוין דער צווייטער כוידעש, ווי מען איז פון פּיטער. ער האָט צעטרענצלט, מיַין ליבינקער, אונטערוועגנס די עטלעכע קערבלעך, איצטער זיצט ער דעם עק אונטער זיך, און קאָכט זיך שוין מער ניט. און וויַיזט אויס, אז סע וואָלט געקלעקט אפן וועג אריבער און אריבער; ניין, זעסטו, דארף מען דאָך אין יעדער שטאָט וויַיזן, ווער מען איז. (קרימט איבער) „עי, אָסיפּ, טו א גיי און זע א צימער, דעם בעסטן, און א מיטיק באשטעל דעם סאמע בעסטן. איך קען ניט עסן קיין שלעכטן מיטיק, איך דארף דעם בעסטן מיטיק“. איז גוט, ווען מען איז עפּעס א שטיקל לייַט, אז דאָס איז דאָך א פּראָסטער קאנצעדראלניק. האלט זיך אין איין באקאָנען מיט די אלדי דורכפאָרער און באלד אין קאָרטן. איז נא דיר, אָט האָסטו זיך דערשפּילט. עך, עס קריכט מיר שוין פון האלדז אזא לעבן. זאָל איך האָבן די גוטע יאָר, וואָס אין דאָרף איז בעסער. דאָרטן איז עפּשער קיין געזעלשאפט ניטאָ, דערפאר איז אָבער ווייניקער קלעמעניש. דו נעמסט זיך א וויַיבל און נאָכדעם ליגסטו זיך דאָס לעבן לאנג אפן דער נארע און קיַיסט בולקע.

נו, קיינער זאָגט ניט, פארשטייט זיך, אז אויב סע גייט אינ ריינעמ עמעס, אז לעבנ אינ פיטער דארפ מענ ניט בעסער. זאָל נאָר זײַנ געלט. אָבער דער סאָרט לעבנ איז אנ איידעלער אונ ביז גאָר א דעליקאטנער: טריִאטערנ, הינטעלעכ טאנצנ פאר דיר, אונ אלצ וואָס א הארצ גלוסט. דער מענטש רעדט אזוי מיט דער איידעלער דעליקאטנעקײַט, וואָס עפשער נאָר פריצימ קענענ זיכ מיט דעמ פארגלײַכנ: גייסט זיכ צו אפ שטשוקינ, שרײַענ צו דיר די קרעמער: „זײַט אזוי גוט!" דעמ טײַכ אריבערפאָרנ—זעצסטו זיכ ארײַנ אינ איינ שיפל מיט א באאמטנ; סע גלוסט זיכ דיר א קאָמפאניע—גייסטו זיכ ארײַנ אינ א קרעמל: דאָרטנ וועט דיר א קאוואלער דערציילנ וועגנ די לאגערנ אונ וועט דיר פארטײַטשנ, וואָס יעדער שטערנ באַטײַט אינ הימל, אָט אזוי, ווי דו וואָלטסט עס אלצ געזענ אפ דער דלאָניע. אנ אלטע אָפיצעריכע קומט אמאָל ארײַנ. א פּאָקאָיעווע כאפט זיכ אמאָל ארײַנ אזא... פו, פו, פו! (שמייכלט צו זיכ אונ שאָקלט מיטנ קאָפּ) א גאלאנטערייגער סאָרט פיר, צו אלדי שווארצע יאָר! דו וועסט קיינמאָל קיינ גראָבנ וואָרט ניט הערנ. אלע אירצנ דיר. עס האָט דיר דערעסנ צו גייג—נעמסט א דראָזשקע אונ זיצט זיכ, ווי א פּאָרעצ, אונ אויב דו ווילסט ניט באצאָלנ—מיט דעמ שענסטנ קאָוועדר: אינ יעדנ מויער איז א דורכהויפ, דו טוסט זיכ א לאָז ארײַנ אונ קיינ ניט גוטער וועט דיכ שוינ ניט כאפנ. איינ זאכ איז שלעכט: אנ אנדערש מאָל עסטו זיכ אָנ גאָר ווי געהעריק איז, אָבער א צווייטנ מאָל פלאצסטו שיר·ניט פונ הונגער, ווי איצטער קעדיימע לעמאָשל. אונ אינ אלצ איז ער שולדיק. וואָס טוט מענ מיט אימ? דער טאטע זײַנער שיקט צו די עטלעכע קערבלעכ—טאָ נעמ אונ פארקוועטש דאָס—ערשט ווו־ווענ... ער לאָזט זיכ עס אוועק הוליענ: פאָרנ אפ דראָזשקעס, יעדנ טאָג דארפסטו אימ קריגנ א בילעט אינ טריִאטער ארײַנ, אונ סע גייט ניט אוועק א וואָכ, אהא!—ער שיקט שוינ אפנ מארק פארקויפנ זײַנ נײַעמ פראק. עס טרעפט אמאָל, אז ער פארשאכערט אלצ ביז דער לעצטער העמד אזוי, אז אפ אימ בלײַבט נאָר דאָס סורדעטל אונ דאָס שינעלכל. אפ מײַנ וואָרט, ווי ס'איז עמעס! אונ סארא וואזשנע סכוירע, פונ ענגעלאנד! איינ פראק אליינ מאכט אימ אויס בא אנ אָנדערהאלבנ הונדערט קארבנ אונ אפנ מארק פארשאכערט מענ עס פאר א רובל צוואנציק, אונ וועגנ די הויזנ איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידנ—ער גיט זיי אוועק פאר גאָרנישט. אונ אלצ צוליב וואָס? צוליב דעמ, וואָס ער פארנעמט זיכ נים מיט זײַנ זאכ: אָנשטאָט צו גיינ אפ די שטעלעס, גייט ער גאָר שפּאצירנ איבערנ פרעשפעקט, מאכט א קערטל. איי, ווענ דער אלטער פּאָרעצ דערוויסט זיכ עס וועגנ דעמ! ער וואָלט שוינ גאָרניט געקוקט, וואָס דו ביסט א באאמטער, ער וואָלט פארקאשערט די פּליודערנ אונ ארײַנגעשמאָטנ אזוי, אז דו וואָלסט זיכ מיט א טאָג פיר געהאלטנ אינ איינ קראצנ. ביסטו אפ די שטעלעס, טאָ גיי אפ די שטעלעס. אָט האָט איצטער דער שענקער געזאָגט, אז כ'וועל אײַכ ניט געבנ עסנ, קאָלזמאנ איר וועט ניט אָפּצאָלנ פאר די פריִערדיקע. נו, אונ אז מיר וועלנ ניט באצאָלנ? (מיט א קרעכצ) אכ, ליבער גאָט, כאָטשבי עפעס אביסעלע באָרשטש! מיר דוכט, אז כ'וואָלט איצט די גאנצע וועלט אײַנגעשלונגענ. מע קלאפּט. דאָס גייט ער, אפּאָנעמ! (כאפט זיכ אראָפּ אינ אײַלעניש פונ בעט).

# אופטריט

אָסיפ און כלעסטאקאָוו.

כלעסטאקאָוו: נאַ, נעם עס צו! (גיט אָפּ דאָס היטל און דאָס טראָסטיקל). נו, שוין ווידער זיך געוואַלגערט אין בעט?

אָסיפ: אז צוליב וואָס דאַרף מען זיך דאָס וואַלגערן — וואָסי? כ'האָב ניט געזען קיין בעט?

כלעסטאקאָוו: א ליגן, דו האָסט זיך געוואַלגערט, זעסט, זי איז אינגאַנצן צעקנייטשט.

אָסיפ: אָבער אָפּ וואָס דאַרף איך זי האָבן? וואָסי, איך ווייס ניט, וואָס איז דאָס אזוינס א בעט? איך האָב פיס, קען איך שטיין. צוליב וואָס דאַרף איך האָבן אײַער בעט?

כלעסטאקאָוו: (גייט ארום איבערן צימער) טו א קוק, ניטאָ דאָרטן אין בײַטל קיין טאַבעק?

אָסיפ: פונוואַנען זאָל דאָרטן זײַן טאַבעק? איר האָט שוין מיט א טאָג פיר צוריק אויסגערויכערט דאָס לעצטע.

כלעסטאקאָוו: (גייט ארום און קרימט אָפּ א פארשיידענעם אויפן די ליפּן. ענדלעך טוט ער א זאָג מיט א הויכער און אנטשיידנדיקער שטים) הער זיך אײַן... עי, אָסיפ!

אָסיפ: וואָס איז אײַער געפעליקײַט?

כלעסטאקאָוו: (מיט א הויכער, אָבער שוין ניט אזא אנטשיידנדיקער שטים): דו גיי אהין.

אָסיפ: וואוהין?

כלעסטאקאָוו: (מיט א שטים, וואָס איז שוין גאָר ניט אזא הויכע און אנטשיידנדיקע, וואָס איז גרײַליך נאָענט צו א בעטנדיקן) אונטן, אין בופעט... זאָג דאָרטן... אז מע זאָל מיר געבן מיטיק.

אָסיפ: נאָר, אז איך קלײַב זיך גאָרניט צו גיין.

כלעסטאקאָוו: וואָס איז עס פאר א האָזע, דו, גוילעם!

אָסיפ: אנו! אלצאיינס, אז איך זאָל אפילע גיין, וועט אויך דערפון גאָרנישט ניט ארויסקומען. דער באַלעבאָס האָט געזאָגט, אז ער וועט מער ניט געבן קיין מיטיק.

כלעסטאקאָוו: וואָס איז עס פאר א האָזע ניט צו געבן? וואָס נאָך!

אָסיפ: ער זאָגט, אז „כ'וועל נאָך צום גאָראָדניטשי אויך גיין. שוין די דריטע וואָך, ווי דער פאָרעץ צאָלט קיין געלט ניט. איר מיט דעם פאָרעץ, זאָגט ער, זײַט איר שווינדלער, און דײַן פאָרעץ איז א פלאָדער. מיר, זאָגט ער, האָבן שוין אזוינע פּוסטעפּאַסניקעס און ארויסוואורפן געזען אָפּ אונדזער לעבן".

כלעסטאקאָוו: אָבער דו, ווילדע בריה, ביסט איצטער צופרידן דאָס אלץ איבערצודערציילן פאר מיר.

אָסיפ: ער זאָגט: „אויב אזוי, וועט א ליאַדע ווער קומען צו פאָרן, וועט זיך דאָ אײַנפונדעווען, פארקריכן אין כויוועס און נאָכדעם וועט מען אים אפילע ניט קענען ארויסטרײַבן. איך, זאָגט ער, וועל דאָ קיין כאָכמעס ניט פראוווען. איך וועל פּראָסט אָנקלאָגן, אז מע זאָל א נעם טאָן אין דער פּאָליציי און אין דער טורמע ארײַן".

כלעסטאקאָוו: נו, גענוג שוין, גוילעם! גיי, גיי, זאָג איך. סארא גראָבע זאַך.

אָסיפ. אז כ'וועל שוין בעסער דעם באַלעבאָס גופע ארויסרופן צו אײַך.

כלעסטאקאָוו: אָפּ וואָס דאַרף איך דעם באַלעבאָס? דו גיי און זאָג אליין.

אָסיפ: אָבער, אָפּ מײַן וואָרט, גנעדיקער האר...

כלעסטאקאָוו: נו, גיי צו אלדי שוואַרציאָר! רופ דעם באַלעבאָס (אָסיפ גייט אָפּ).

## אופטריט 3

**כלעסטאקאָוו:** (אליין).
א גרויל, ווי עס ווילט זיך עסן! אביסל דורכגעשפאצירט זיך, געמיינט, עפשער וועט אמאָל איבערגיין דער אפעטיט, ערשט ניין, צו אלדי שווארצע יאָר, ער גייט ניט איבער. אָט ווען איך וואָלט אין פענזע ניט א הוליע געטאָן, וואָלט גראד געבליבן געלט אפ צו דערפאָרן אהיים. דער פעכאָטנער קאפיטאן האָט מיך גוט א ריב געטאָן; ער שניידט די שטאָסן אזוי קונציק, דער טרייפענער ביין. סאכאקל בא א וואָסער פערטל שאָ אָפגעזעסן—אָבער ער האָט מיך ארומגענומען ביז לעצט. נאָך אלעמען וואָלט איך געכאלעשט כאָטש נאָך איינמאָל מיט אים אזוי א קנאק טאָן. ס'האָט זיך עפעס אלץ ניט געמאכט! סארא מיִעס שטעטל! אין די באקאליי־קרעמלעך גיט מען גאָרנישט ניט אפ באָרג. דאָס איז דאָך שוין פּאָשעט נידערטרעכטיק. (פייפט אונטער טכילעס פון „ראָבערט", דערנאָך: „ניט ניי מיר,—מאמעניו" און צום סאָף—„ניט דאָס און ניט יענץ") קיינער וויל ניט ארייַנקומען.

## אופטריט 4

כלעסטאקאָוו, אָסיפ און דער טראקטיר־דינער.

**דינער:** דער באלעבאָס האָט געהייסן פרעגן, וואָס פארלאנגט איר?
**כלעסטאקאָוו:** גוט מאָרגן, גוטער ברודער, נו, וואָס מאכסטו עפעס אין געזונט?
**דינער:** גאָט צו דאנקען.
**כלעסטאקאָוו:** נו, און וואָס הערט זיך בא אייַך אין האָטעל? ס'גייט אלץ קעשורע?
**דינער:** יאָ, א לויב צו גאָט, אלץ קעשורע.
**כלעסטאקאָוו:** אסאך געקומענע?
**דינער:** יאָ, עס קלעקט.
**כלעסטאקאָוו:** הער זיך אייַן, ליבער פרייַנט, ביז איצטער, ווי מע דערלאנגט מיר עפעס דאָרטן ניט קיין מיטיק, איז זייַ אזוי גוט, אייַל דאָרטן צו, מען זאָל וואָס גיכער — דו פארשטייסט, איך דארף באלד נאָך מיטיק זיך פארנעמען דאָ מיט עפעס וואָס.
**דינער:** אָבער דער באלעבאָס האָט געזאָגט, אז ער וועט מער ניט געבן, א סוואָרע, אז ער האָט אפילע געוואָלט גיין הייַנט קלאָגן זיך צום גאָראָדניטשי אויך.
**כלעסטאקאָוו:** וואָס פארא קלאָגן זיך! דו זאָג אליין, ליבער פרייַנט, וויאזוי איז דאָס? איך דארף דאָך עסן. ־אָט אזוי קען איך דאָך אמאָל אינגאנצן אראָפ פון לייַב. איך שטארב עסן. דאָס זאָג איך אָן כאָכמעס.
**דינער:** יאָ. ער האָט געזאָגט: „איך וועל אים קיין מיטיק ניט געבן, קאָלזמאן ער וועט מיר ניט באצאָלן פאר די פריִערדיקע. אָטאָ דאָס איז געווען דער ענטפער זייַנער.
**כלעסטאקאָוו:** טאָ דו קלער אים אופ, רייד אים אייַן.
**דינער:** אז וואָס זאָל איך אים דאָרטן זאָגן?
**כלעסטאקאָוו:** דו גיב אים צו פארשטיין, ווי געהעריק איז, אז איך דארף עסן. געלט איז זיך אָן און פאר זיך... ער מיינט, אז אויב אים, דעם פּויערלע, איז גאָרנישט, אז ער עסט ניט קיין טאָג, זייַנען אנדערע אויך אזוי. נאָך א נייַס!
**דינער:** מילע. איכ'ל זאָגן.

## אופטריט 5

כלעסטאַקאָוו: (אַליין).

ס'איז, פונדעסטוועגן, פּאַסקודנע, אויב ער וועט גאָר אינגאַנצן ניט געבן צום עסן. סע ווילט זיך אַזוי, ווי ס'האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געוואָלט! עפּעס פון די קליידער נעמען עפּעס און פאַרטאָגן? די הויזן פאַרקויפן, וואָס? ניין, שוין בעסער אַ הונגער טאָן, אָבער קומען צו פאָרן אַהיים אין אַ פּעטערבורגער קאָסטיום... אַ שאָד, וואָס יאָכים האָט ניט געגעבן אַפּ פּראָקאַט אַ קאַרעטע. ס'וואָלט גאָר וויל געווען. צו אַלדי שווארציאָר, קומען אַהיים אין אַ קאַרעטע צופליען מיט די לאַמטערנעס, ווי אַ ניט־גוטער צו אַ וואָסער ניט איז שכײנישן פאָרעץ צום גאַניק, און פון הינטן אָסיפּן אָנטאָן אין אַ ליווריי. איך שטעל זיך שוין פאָר די מעהומע: „ווער איז ער, וואָס איז דאָרטן אַזוינס?" און דער לאַקיי גייט אַרײַן (ציט זיך אויס און מאַכט זיך פאַר אַ לאַקיי): „איוואַן אַלעקסאַנדראָוויטש כלעסטאַקאָוו פון פּעטערבורג, איר וועט באַוויליקן אויפנעמען?" זיי, די פּענטעקעס, ווייסן אַפילו ניט, וואָס באַטײַט עס „איר וועט באַוויליקן אויפנעמען?" צו זיי, אויב עס קומט אַמאָל צו פאָרן אַזאַ פאָרעץ, אַ גאָנער, שפּאַרט ער זיך, דער בער, גלײַך אין זאַל אַרײַן. דו גייסט זיך דאָרטן צו צו אַ וועלכער ניט איז פּײַנינקער טעכטערל: „פרײַלן, ווי איך... (רײַבט די הענט און שאַרט צו מיטן פיסל) טפו! (שפּײַט אויס) ס'איז מיר אַפילו ניט גוט געוואָרן. אָט ווי סע ווילט זיך קײַען.

## אופטריט 6

כלעסטאַקאָוו, אָסיפּ נאָכדעם דער דינער.

כלעסטאַקאָוו: נו, וואָס?

אָסיפּ: מע טראָגט מיטיק.

כלעסטאַקאָוו: (פּאַטשט מיט די הענט און טאַנצט אונטער אַפּן שטול) מע טראָגט! מע טראָגט! מע טראָגט!

דינער: (מיט טעלער און אַ טישטעכל) דער באַלעבאָס גיט שוין צום לעצטן מאָל.

כלעסטאַקאָוו: נו, דער באַלעבאָס, דער באַלעבאָס... איך שפּײַ אָפּ דײַן באַלעבאָס! וואָס האָסטו דאָרטן?

דינער: זופּ און געבראָטנס.

כלעסטאַקאָוו: וואָס, מער ניט, ווי צוויי געריכטן?

דינער: מער ניט.

כלעסטאַקאָוו: הער אַ מײַסע! איך נעם עס ניט צו. דו זאָג אים: וואָס מיינט ער זיך אײַנדערעמעסן!.. דאָס איז ווייניק.

דינער: ניין, דער באַלעבאָס זאָגט, אַז ס'איז שוין דאָפּקע צופיל.

כלעסטאַקאָוו: און סאָוס פאַרוואָס איז ניטאָ?

דינער: ניטאָ קיין סאָוס.

כלעסטאַקאָוו: פאַרוואָס איז אָבער ניטאָ? איך האָב אַליין געזען, גייענדיק פאַרבײַ קיך, אַז מע האָט דאָרטן געקאָכט אָן אַ שיר. און אין עס־צימער האָבן הײַנט אינדערפרי צוויי אַזעלכע קורצינקע מענטשעלעך געגעסן שיאָגעס און נאָך עפּעס אַסאַך אַנדערע זאַכן.

דינער: יאָ, עס איז אזוי גוט ווי דאָ, און ס'איז ניטאָ.

כלעסטאקאָוו: וואָס הייסט ניטאָ?

דינער: נו—ניטאָ.

כלעסטאקאָוו: און שיאָנגע—און פיש, און קאָטלעטן?

דינער: נו, דאָס איז שוין פאר די, וואָס זײַנען אביסל מער פייגלדיק.

כלעסטאקאָוו: אך, דו גוילאָם איינער!

דינער: יאָ, יאָ!

כלעסטאקאָוו: דו כאזעריוק מיִעסער... אלעמײַ עסן זיי, און איך ניט? פארוואָס זשע, צו אלדי שווארציאָר קען איך אויך ניט עסן? צי דען זײַנען זיי ניט אזעלכע דורכפאָרער, ווי איך?

דינער: נו, פארשטייט זיך, אז ניט אזעלכע.

כלעסטאקאָוו: איז וועלכע זשע?

דינער: קלאָר וועלכע! נו, זיי, פארשטייט איר מיר, זיי צאָלן געלט!

כלעסטאקאָוו: איך וויל זיך דאָ מיט דיר ניט פארהערן, פערע־אָדאָם! (גיסט זיך אָן זופ און עסט). וואָס איז עס פאר א זופ? דו האָסט גענומען, פראָסט, און ארײַנגעגאָסן וואסער אין טעלער; ס'האָט קיינשום טאם ניט, בלויז עס שטינקט. איך וויל ניט אזא זופ. גיב מיר אן אנדערן.

דינער: מיר קענען עס צונעמען. דער באַלעבאָס האָט געזאָגט: אויב ער וויל ניט, דארף מען ניט.

כלעסטאקאָוו: (באשיצט מיט די הענט דאָס עסן) נו... נו... נו... לאָז איבער, גוילעם! דו ביסט דאָרטן געוווינט האָבן צו טאָן מיט גאנץ אנדערע מענטשן! איך, גומער ברודער, בין פון א גאנץ אנדער מין! מיט מיר וואָלט איך ניט געראטן (עסט) גאָט מײַן גאָט, סארא זופ! (עסט ווײַטער). איך מיין, אז קיין איין מענטש אף דער וועלט האָט נאָך ניט געגעסן אזא זופ: עפעס פעדערן שווימען דאָ ארום אָנשטאָט פעטס (שנײַדט די הון). אײַ, אײַ, אײַ, סארא הון! גיב די געבראָטנס! דאָרטן איז געבליבן אביסל סופ, אָסיפ, נעם פאר זיך (שנײַדט די געבראָטנס). וואָס איז עס פאר א געבראָטנס? דאָס איז ניט קיין געבראָטנס.

דינער: טאָ וואָס איז דאָס אזעלכעס?

כלעסטאקאָוו: דער שווארציאָר ווייס, וואָס דאָס איז, אָבער נאָר ניט קיין געבראָטנס. דאָס איז א האק, וואָס מען האָט אָפגעבראָטן אָנשטאָט פלייש (עסט). שווינדלער! נידערטרעכטיקע יונגען! וואָס זיי גיבן עסן! די דזשאסניעס וועלן דיר נאָך אָנהייבן ווי טאָן, אז דו וועסט צעקײַען נאָר איין שטיקל (גראבלט מיט די פינגער אין די ציינער) אויסוווּרפן! פונקט ווי אן עמעסע שטיק קאָרע—ניט ארויסצוציִען, און די ציינער קענען נאָך אויך שווארץ ווערן פון אזוינע געריכטן. שווינדלער! (ווישט ארום דאָס מויל מיטן טישטעכל). מער איז גאָרנישט ניטאָ?

דינער: ניין.

כלעסטאקאָוו: נידערטרעכטיקע יונגען! אויסוווּרפן! וואָלט זײַן כאָטש נאָך עפעס א סאָוס אָדער עפעס א שטיקל פלאָדן. פוסטעפאסניקעס! שינדן נאָר די הויט פון די דורכפאָרער.

דינער: (קלײַבט צו און טראָגט אוועק די טעלער צוזאמען מיט אָסיפן).

## אופטריט 7

כלעסטאקאָוו, נאָכדעמ אָסיפ.

**כלעסטאקאָוו:** אפ מײַנ וואָרט, אזוי ווי גאָרניט געגעסנ: ס'האָט זיכ באַ מיר ערשט צעשפּילט דער אפּעטיט. ווענ כ'האָב עפּעס קלײַנגעלט, שיק איכ אפּנ מארק קויפנ כאָטשבי א בייגל.

**אָסיפ:** (קומט ארײַנ) דאָרטנ איז דער גאָרנאָדניטשי נעקומענ נאָכ עפּעס. ער דערקונדיקט זיכ אונ פרעגט זיכ נאָכ אפ אײַכ.

**כלעסטאקאָוו:** (דערשראָקנ) נא, אָט האָסטו דיר! דער דאָזיקער ניווזיק, דער שענקער, האָט שוינ באוויזנ מיכ אָנצוקלאָגנ. אונ וואָס וועט זײַנ, אויב ער וועט מיכ טאקע אוועקשלעפּנ אינ טורמע? מײלע, אויב אפּ אנ אָנשטענדיקנ אויפנ, וועל איכ אזוי גוט... ניינ, ניינ, איכ וויל ניט! דאָרטנ אינ שטאָט דרייענ זיכ ארומ אָפיצערנ, אסאַכ מענטשנ אונ איכ האָב אפּצולאָכעס, ערשט געמאכט דעמ אָנשטעל אונ גענומענ זיכ איבערווינקענ מיט עפּעס אײנעמ א קרעמערס א טעכטערל... ניינ, איכ וויל ניט. ווער איז דאָרטנ, וואָס איז עס פאר א האָזע אינדערעמעסנ?.. וואָס בינ איכ אימ, א קרעמערל צי א באַלמעלאָכע? (פאסט מוט אונ גלײַכט זיכ אויס). איכ וועל אימ אָפּנ זאָגנ: וואָס איז עס פאר א האָזע? וואָס איז עס... (עס טוט זיכ א דריי דאָס הענטל פונ טיר, כלעסטאקאָוו קאָרטשעט זיכ צונויפ אונ ווערט בלייכ).

## אופטריט 8

כלעסטאקאָוו, דער גאָראָדניטשי אונ דאָבטשינסקי.

(דער גאָראָדניטשי קומט ארײַנ אונ בלײַבט שטײנ. ביידע אינ שרעק קוקנ מיט ארויסגעטארטשעטע אויגנ עטלעכע מינוט אײנע אפ די אנדערע).

**גאָראָדניטשי:** (קומט אביסל צו זיכ, שטעלט זיכ מושטרירט) איכ ווינטש אײַכ א גוט מאָרגנ!

**כלעסטאקאָוו:** (פארנייגט זיכ) מײַנ אכטונג...

**גאָראָדניטשי:** אנטשולדיקט...

**כלעסטאקאָוו:** ס'מאכט נישט אויס...

**גאָראָדניטשי:** די פליכט מײַנע, אלס פארוואלטער פונ דער היגער שטאָט, איז צו זאָרגנ וועגנ דעמ, אז די דורכפאָרער אונ אלע אָנשטענדיקע לײַט זאָלנ ניט האָבנ אויסצושטיינ פונ קיינע...

**כלעסטאקאָוו:** (טכילעס פארהיקעט ער זיכ אביסל, אָבער צומ סאָפ רעדט ער הויכ) איז וואָס זשע זאָל מענ טאָנ?.. איכ בינ ניט שולדיק... ערנוואָרט, כ'וועל באצאָלנ... מע וועט מיר צושיקנ פונ דאָרפ... (באָבטשינסקי כאפּט א קוק אינ טיר ארײַנ) ער איז מער שולדיק: פלייש דערלאנגט ער מיר אזוינע הארטע ווי א שטיק האָלצ; אונ די זופּ—דער שווארצ־יאָר ווייס, וואָס ער האָט דאָרטנ ארײַנגעפליעסקעט, כ'האָב עס געמוזט ארויסגיסנ דורכנ פענצטער. ער מאָרעט מיכ מיט הינגער גאנצענע טעג... די טיי איז עפּעס אזוינע מאָדנע, עס הערט זיכ פונ דעמ פיש, אונ ניט קיינ טיי, פארוואָס זאָל איכ... נאָכ א נײַס!

**גאָראָדניטשי:** (פארלאָרנ) דערלויבט, איכ בינ אינדערעמעסנ ניט שולדיק. באַ מיר אפּנ מארק איז שטענדיק פרישע פלייש. דאָס ברענגענ צו פירנ די כאָלמאָגאָרער

סאָכרים, מענטשן ניט קיין שיקורים און פירן זיך אויף פֿײַן. איך הײב ניט אָן צו וויסן פונוואַנען קריגט ער אָט אַזוינע פלייש. און טאָמער איז עפּעס ניט אַזוי... איז... דערלויבט מיר אײַך פֿאָרצולייגן אַריבערפֿאָרן מיט מיר אין אַן אַנדער קוואַרטיר.

**כלעסטאַקאָוו:** ניין, איך וויל ניט! איך ווייס, וואָס דאָס הייסט אין אַן אַנדער קוואַרטיר: דאָס הייסט—אין טורמע. מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט, האַ? ווי אַזוי דערוועגט איר זיך דאָס?.. אָט איך וועל אײַך... איך פֿאַרנעם אַן אַמט אין פּעטערבורג (פּאַסט מוט). איך, איך, איך...

**גאָראָדניטשי:** (אַנאַזײַט) אָ, גאָט, מײַן גאָט, סאַראַ קאַעסניק! ער איז שוין אַלץ דערגאַנגען, די טרייפֿענע קרעמער האָבן שוין אַלץ אויסגעדערציילט.

**כלעסטאַקאָוו:** (מאַכט דעם אָנשטעל) איר זאָלט אַפֿילו אַהער קומען מיט אײַער גאַנצער קאָמאַנדע—וועל איך ניט גיין. איך וועל אָט גלײַך צום מיניסטער! (זעצט מיטן פֿויסט אין טיש). וואָס מיינט איר זיך האַ, וואָס מיינט איר?

**גאָראָדניטשי:** (אויסגעצויגן און ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער) האָט ראַכמאָנעס, ברענגט ניט אום אַ מענטשן, אַ ווײַב, קינדערלעך קליינע... מאַכט ניט אומגליקלעך קיין מענטשן!

**כלעסטאַקאָוו:** ניין, איך וויל ניט. נאַ דיר נאָך עפּעס. וואָס אַרט עס מיך? אויב איר האָט אַ ווײַב מיט קינדער, דאַרף איך גיין אין טורמע? אַ פֿײַנע זאַך! (באָבטשינסקי כאַפּט אַ קוק אַרײַן אין טיר און באַהאַלט זיך פֿון שרעק). ניין, אַ שיינעם דאַנק, איך וויל ניט.

**גאָראָדניטשי:** (ציטערט) נאָר צוליב דעם, וואָס מען איז ניט געניט, אויף מײַן וואָרט, וואָס מע איז ניט געניט... עס קלעקט אויף דער כעיונע... אָט איר זײַט אַזוי גוט און זאָגט אַליין: דער קאַזיאָנער געהאַלט סטײַעט דאָך ניט אַפֿילו אויף טיי מיט צוקער. און אויב מע האָט שוין גענומען אַביסל כאַבאַר, איז דאָך סאַמע גאָרנישט מיט נישט: עפּעס אויפֿן טיש צו דערלאַנגען, צי דאָרטן אויף אַ גאַרניטער. און וואָס ס'איז שײַעך צו דעם אונטעראָפֿיצערס אַלמאָנע, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט האַנדל, און וועלכע איך האָב, קלוימערשט, אָפּגעשמיסן, איז דאָך דאָס רעכילעס, אויף מײַן וואָרט, רעכילעס. דאָס האָבן אויסגעטראַכט מײַנע סאָנים. דאָס זײַנען אַלץ אַזוינע מענטשן, וואָס זײַנען מיך גרייט אויפֿצועסן לעבעדיקערהייט.

**כלעסטאַקאָוו:** וואָס איז? אַז וואָס גייען זיי מיר אָן... (פֿאַרטראַכט זיך) איך ווייס ניט, פֿונדעסטוועגן, צוליב וואָס דערציילט איר מיר דאָ וועגן סאָנים, אָדער וועגן עפּעס אַן אונטעראָפֿיצערס אַלמאָנע... דעם אונטעראָפֿיצערס אַלמאָנע איז אַ גאַנץ אַנדער זאַך, אָבער מיך וועט איר זיך ניט דערוועגן אָפּצושמײַסן, עס איז נאָך גאַנץ ווײַט פֿון דעם... וואָס נאָך! זעט, איר וועט... איך וועל באַצאָלן, איך וועל באַצאָלן דאָס געלט, נאָר כ'האָב איצטער ניט. דעריבער זיץ איך דאָ טאַקע, ווײַל כ'האָב קיין קאָפּיקע ניט.

**גאָראָדניטשי:** (אַנאַזײַט) אָ, סאַראַ כיטרע פֿײגל! אָט וווהין מע שיסט! ווי מע שיט עס זאַמד אין די אויגן, און דו קלײַב זיך דאָ פֿאַנאַנדער! איך הײב ניט אָן צו וויסן, פֿון וואָס פֿאַראַ זײַט אָנצוהייבן. יאָ, מע דאַרף אַ פּרוּוו טאָן, כ'ווייס! וואָס עס וועט זײַן, וועט זײַן, אָבער פּרוּוון דאַרף מען. עפּשער... (הויך). אויב איר

נייטיקט זיכ טאקע אינ געלט, אָדער אינ עפּעס אנדערש, בינ איכ גרייט אײַכ צו
דינענ באלד אינ אָט דער רעגע... מײַנ פליכט איז צו העלפנ די דורכפאָרער.
כלעסטאקאָוו: גיט מיר, גיט מיר א האלוואָע. איכ וועל באלד אפּ אנ אָרט זיכ ארומ־
צאָלנ מיטנ שענקער. איכ דארפ נאָר א 200 רובל, אָדער אפילע ווייניקער.
גאָראָדניטשי: (דערלאנגט די אסיגנאציעס) פונקט 200 קארבנ. איר דארפט זיכ אפילע ניט
באמיִענ איבערצוציילנ.
כלעסטאקאָוו: (נעמט צו דאָס געלט) א שיינעמ דאנק! איכ וועל אײַכ טייקעפּ אָפּשיקנ
פונ דאָרפ. בא מיר איז דאָס גלײַכ... איכ זע, איר זײַט אנ אָנשטענדיקער מענטש.
איצטער איז גאָר עפּעס אנ אנדער זאכ.
גאָראָדניטשי: (אָנאזײַט) נו, א לויב צו גאָט! צוגענומענ דאָס געלט! איצטער דאכט
זיכ, וועלנ מיר שוינ דערגיינ צו א טאָלק. איכ האָב אימ טאקע אָנשטאָט 200
ארײַנגערוקט די גאנצע פיר.
כלעסטאקאָוו: עי, אָסיפּ! (אָסיפּ קומט ארײַנ). רופ ארײַנ אהער דעמ האָטעל־דינער!
(צומ גאָראָדניטשי אונ צו דאָבטשינסקינ). איז וואָס זשע שטייט איר? טוט די געפעליקײַט
אונ זעצט זיכ צו. (צו דאָבטשינסקינ). זעצט זיכ צו, זײַט אזוי גוט!
גאָראָדניטשי: ס׳מאכט ניט אויס, מיר וועלנ אזוי אויכ באשטיינ.
כלעסטאקאָוו: טוט די געפעליקײַט, זיצט. איצט זע איכ בעשײַמפּערלעכ, אז איר האָט
אנ אָפענע אונ ברייטע הארצ; אונ כ׳בינ זיכ מודע, כ׳האָב שוינ געמיינט, אז איר
זײַט געקומענ מיט דעמ, קעדיי מיר... (צו דאָבטשינסקינ) זיצט! (דער גאָראָדניטשי אונ דאָב־
טשינסקי זעצנ זיכ. באָבטשינסקי קוקט ארײַנ דורכנ טיר אונ הערט אונטער).
גאָראָדניטשי: (אָנאזײַט) מע דארפ עפּעס ווערנ אביסל דרייסטער. ער וויל מע זאָל
אימ האלטנ פאר אינקאָגניטאָ, גוט, מיר וועלנ זיכ אויכ מאכנ קעציש, פונקט מיר
ווייסנ גאָרניט, וואָס איז דאָס פאר א מינ מענטשל. (הויכ). אזוי דורכגייענדיק זיכ
לויט אונדזערע אמט־איניאָנימ, זײַנענ מיר מיט פּיאָטר איוואנאָוויטשנ דאָבטשינסקי,
א היגער פּאָרעצ, ארײַנ אומיסטנ אינ האָטעל זיכ צו דערקונדיקנ, צי באגייט מענ
זיכ דאָ גוט מיט די דורכפאָרער, ווײַל איכ בינ ניט אזא, ווי אנ אנדער גאָראָד־
ניטשי, וואָס עס גייט אימ גאָר נישט ניט אָנ, נאָר בא מיר, וויל איכ ניט נאָר צוליב
מײַנ אמט, נאָר אויכ אויס קריסטלעכער מענטשנ־ליבע, אז יעדער לעבעדיקער
מענטש זאָל דאָ האָבנ די שיינע אופנאמע—איז אָט, עפּעס אזויווי אלס באלוינונג,
האָט דער צופאל אונדז פארשאפט אזא מינ ליבע־באקאנטשאפט.
כלעסטאקאָוו: איכ אליינ בינ אויכ זייער צופרידנ. אָנ אײַכ, בינ איכ זיכ מודע,
וואָלט איכ דאָ גאנצ היפשלעכ אָפּגעזעסנ. איכ האָב שוינ גאָרניט געוווּסט, וויאַזוי
צו באצאָלנ.
גאָראָדניטשי: (אָנאזײַט) יאָ, דערצייל באָבע־מײַסעס! ער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי
צו באצאָלנ. (הויכ) איכ וועל מיכ דערלויבנ אײַכ צו פרעגנ, וווּהינ אונ אינ וואָס
פארא ערטער קלײַבט איר זיכ צו פאָרנ?
כלעסטאקאָוו: איכ פאָר אינ סאראטאָווער גובערניע, צו זיכ אינ אייגענעמ דאָרפ.
גאָראָדניטשי: (אָנאזײַט, דאָס פּאָנעמ נעמט אָנ אנ איראָנישנ אויסדרוק) אינ סאראטאָווער גו־
בערניע! א? אונ איז אפילע ניט רויט געוואָרנ! אָ, מיט אימ דארפ מענ האלטנ
קאָפּ! (הויכ). א וווילע זאכ ביז גאָר האָט איר אונטערגענומענ. ווײַל אָט מעקויעכ
דעמ וועג: מענ זאָגט, אז פונ איינ זײַט, האָט מענ קלעמעניש, וואָס מע פארהאלט

מיט די פערד, דערפאר האָט מענ דאָכ אָבער, פונ דער אנדער זײַט די גײַסטיקע פארווײַלונג. איר פאָרט דאָכ, מיסטאָמע, מער אזוי צוליב דעמ אייגענעמ פאר־גניגנ?

כלעסטאקאָוו: ניינ, דער טאטע האָט מיכ ארויסגעפאָדערט. ער איז אינקאעס געוואָרנ, דער אלטער, וואָס איכ האָב זיכ נאָכ ביז איצט צו גאָרנישט ניט דערדינט אינ פעטערבורג. ער מיינט, אז ווי נאָר דו קומסט צופאָרנ, הענגט מענ דיר באלד ארײַנ א וולאדימיר אינ לאצ. ניינ, איכ וואָלט אימ אליינ געשיקט דורכרײַבנ זיכ אזוי אינ די קאנצעליאריעס.

גאָראָדניטשי: (אָנאזײַט) טוט נאָר א קוק, ווי מענ טאָקט עס אָפּ די לינגס! אפילע דעמ אלטנ טאטנ ארײַנגעפלאָנטערט. (הויכ). אונ דערלויבט. איר פאָרט אפּ א לענגערע צײַט?

כלעסטאקאָוו: איכ ווייס אליינ ניט. מײַנ טאטע איז דאָכ דער גרויסער אקשנ, אונ לעקעשעוואטע איז ער אויכ, דער אלטער טערעכ, ווי א פלאָקנ, איכ וועל אימ אָפּזאָגנ: ווי איר ווילט זיכ, איכ קענ ניט לעבנ אָנ פעטערבורג. צוליב וואָס זאָל איכ בעעמעס דארפנ פאטערנ מײַנע יאָרנ צווישנ די פויערילעס? איצטער האָב איכ שוינ ניט אזוינע באדערפענישנ: מײַנ נעשאָמע דורשט נאָכ בילדונג.

גאָראָדניטשי: (אָנאזײַט) שוינ איינמאָל פארדרייט א קאָלטנ! בראָקט ליגנס אונ ספּאָטיקעט זיכ גאָרניט! אונ סארא שלימאזל, א ברעקל, דאכט זיכ, אז כ'וואָלט אימ אָט מיטנ נאָגל צעקוועטשט. נו, ווארט א ווײַלעטשקע! דו וועסט שוינ בא מיר אלצ ארויספלוידערנ. איכ וועל שוינ מאכנ אזוי, אז דו וועסט בא מיר ריידנ וואָס מער. (הויכ). איר האָט זייער ריכטיק באמערקט. וואָס קענ מענ אופטאָנ אינ א העק? אָט כאָטש מיר אָטאָ־דאָ: דו שלאָפסט נישט קיינ נעכט, מאטערסט זיכ פאר דײַנ פאָטערלאנד, שאנעוועסט גאָרניט, אונ דער לוינ—ווער ווייס, ווענ ס'וועט נאָכ זײַנ. (באקוקט דעמ צימער). דאכט זיכ, אז דער צימער איז אביסל פײַכטלעכ?

כלעסטאקאָוו: א פאסקודנער צימער, אונ סארא וואנצנ, אזוינע האָב איכ נאָכ קיינ־מאָל ניט געזענ: בײַסנ זיכ ווי די הינט.

גאָראָדניטשי: וואָס זאָגט איר דערצו? אזא געבילדעטער גאסט אונ קומט, נעבעכ, אָפּ, אונ וואָלט איכ זאָגנ פונ וועמענ?— פונ עפעס נישטיקע וואנצנ, וואָס האָבנ ביכלאל ניט געדארפט געבאָרנ ווערנ אפ דער וועלט! צי איז דאָ נאָכ ניט אמאָל אויכ טונקל אינ צימער?

כלעסטאקאָוו: יאָ, אינגאנצנ פינצטער. דער באלעבאָס האָט זיכ געמאכט א מאָדע אונ גיט ניט קיינ ליכט. עס טרעפט אמאָל ווילט זיכ עפעס טאָנ, לייענענ, אָדער עס קומט אמאָל אופ די פאנטאזיע צו פארפאסנ עפעס — קענ איכ ניט: פינצטער, כוישעכ.

גאָראָדניטשי: כ'וועל מיר דערלויבנ בעטנ אײַכ... אָבער ניינ, איכ בינ דאָס ניט ווערט.

כלעסטאקאָוו: וואָס?

גאָראָדניטשי: ניינ, ניינ! אז איכ בינ דאָס ניט ווערט, ניט ווערט.

כלעסטאקאָוו: אָבער וואָס איז אזוינס?

גאָראָדניטשי: איכ וואָלט זיכ געגומענ דעמ מוט... בא מיר אינ שטוב איז פאראנ א ווילער צימער פאר אײַכ, א ליכטיקער, א רויִקער... אָבער ניינ, איכ פיל אַליינ,

אז דאָס איז שוין א צו גרויסער קאָװעד, נעמט ניט פאר אומגוט—אפ מײַנ װאָרט, אז איכ האָב עס אײַכ פאָרגעלײגט פונ רײנעמ הארצנ.

כ ל ע ס ט א ק אָ װ: פארקערט, דערלויבט, כ׳װעל מיט דעמ גרעסטנ פארגעניגנ. מיר איז אסאכ ליבער אינ א פריװאטנ הויז, אײדער אינ אָט דעמ שענק.

ג אָ ר אָ ד נ י ט ש י: אײַ, װעט עס זײַנ פאר מיר א פרײד! אונ װי מײַנ װײַב װעט זיכ עס דערפרײענ! בא מיר איז שוינ אזא נאטור: גאסטפרײַנטלעכקײַט זינט ייִנגלװײַז נאָכ, באזונדערס, אויב דער גאסט איז א געבילדעטער מענטש. מײנס ניט, אז דאָס רײד איכ פונ כניפע װעגנ. נײנ, אָט די שלעכטע מידע האָב איכ ניט. דאָס רײד איכ צו אײַכ פונ גאנצנ הארצנ.

כ ל ע ס ט א ק אָ װ: א שײנעמ דאנק. איכ אלײנ אויכ—האָב ניט ליב קײנ צװײפּנגעמדיקע מענטשנ. מיר געפעלט זײער אײַער אָפענע אונ ברײטע הארצ. אונ איכ זאָג אָפנ, איכ װאָלט געפאָדערט ניט מער, װי דאָס, אז דו זאָלסט מיר ארויסװײַזנ איבער־געגעבנקײַט אונ אכטונג, אכטונג אונ איבערגעגעבנקײַט.

## אופטריט 9

די זעלביקע אונ דער טראקטיר־דינער, באגלײט פונ אָ ס י פּ נ.

(באָבטשינסקי קוקט ארײַנ אינ טיר).

ד י נ ע ר: זײַט אזוי גוט, איר האָט מיכ גערופנ?

כ ל ע ס ט א ק אָ װ: יאָ, דערלאנג דעמ כעזשבנ.

ד י נ ע ר: איכ האָב אנומלטנ שוינ א צװײטנ מאָל אײַכ איבערגעגעבנ דעמ כעזשבנ.

כ ל ע ס ט א ק אָ װ: אז איכ געדענק ניט דײַנע נארישע כעזשבוינעס. זאָג, װיפל איז דאָרטנ.

ד י נ ע ר: איר זײַט געװענ אזוי גוט, אונ דעמ ערשטנ טאָג באשטעלט א מיטיק, דעמ צװײטנ טאָג האָט איר נאָר צוגעביסנ א שטיקל שיאָנגע אונ נאָכדעמ האָט זיכ שוינ אָנגעהײבנ אלצ אפ באָרג.

כ ל ע ס ט א ק אָ װ: גוילעמ! ער האָט זיכ מיר דאָ נאָכ אװעקגעשטעלט אויסרעכענענ—װיפל איז אינגאנצנ?

ג אָ ר אָ ד נ י ט ש י: אז איר דארפט זיכ ניט באומרויִקנ: ער מעג צװוארטנ. (צומ דינער). אװעק פונ דאנענ, מע װעט דיר צושיקנ!

כ ל ע ס ט א ק אָ װ: נו, אװאדע, טאקע אויכ עמעס (לײגט צוריק ארײַנ דאָס געלט. דער דינער אָפּ. אינ טיר קוקט ארײַנ באָבטשינסקי).

## אופטריט 10

ג אָ ר אָ ד נ י ט ש י, כ ל ע ס ט א ק אָ װ, ד אָ ב ט ש י נ ס ק י.

ג אָ ר אָ ד נ י ט ש י: צי װאָלט איר ניט געװאָלט באמיִענ זיכ אונ באקוקנ איצטער אײניקע אנשטאלטנ פונ אונדזער שטאָט, אשטײגער, די װוילטעטיקע אנשטאלטנ אונ אנ־דערע?

כ ל ע ס ט א ק אָ װ: װאָרעמ װאָס איז דאָרטנ אזוינס?

גאָראָדניטשי: אָט גלאַט אזוי א קוק טאָנ, וויאזוי מע פירט בא אונדז די איניאָנים, די סאָרט אָרדענונג... פאר א רײַזנדנ...

כלעסטאקאָו: מיט דעמ גרעסטנ פארגעניגנ, איכ בינ גרייט. (באָבטשינסקי רוקט ארײַנ דעמ קאָפּ אינ טיר).

גאָראָדניטשי: אויכ, אויב אײַער גוטער ווילנ איז דערבײַ, קענ מענ פונ דאָרטנ אינ דער אויעזדנער שול, צו באטראכטנ דעמ ארט אויפנ, וויאזוי מע לערנט בא אונדז די וויסנשאפטנ.

כלעסטאקאָו: דערלויבט, דערלויבט.

גאָראָדניטשי: נאָכדעם, אויב איר וועט וועלנ באזוכנ די טפיסע אינ די שטאָטישע טורמעס—איר וועט זענ, וויאזוי מענ האלט בא אונדז אופּ די פארברעכער!

כלעסטאקאָו: אז צו וואָס די טורמעס? מיר וועלנ שוינ בעסער באקוקנ די וווילטעטיקע אנשטאלטנ.

גאָראָדניטשי: ווי איר פארשטייט. אונ ווי האָט איר בעדייגט, אינעמ אייגענעמ עקיפּאַזש, אָדער צוזאמענ מיט מיר אפ דער דראָזשקע?

כלעסטאקאָו: איכ וועל שוינ בעסער פאָרנ מיט אײַכ אפ דער דראָזשקע.

גאָראָדניטשי: (צו דאָבטשינסקינ) נו, פּיאָטר איוואנאָוויטש, פאר אײַכ איז שוינ איצטער מער קיינ אָרט ניטאָ.

דאָבטשינסקי: ס'מאכט ניט אויס, איכ'ל זיכ מיר אזוי...

גאָראָדניטשי: (שטיל צו דאָבטשינסקינ) הערט זיכ אײַנ: איר וועט א לאָפּ טאָנ, אָבער שנעל, אפ איינ פוס, אונ אוועקטראָגנ צוויי צעטעלעכ: איינעמ אינעמ וווילטעטיקנ אנשטאלט—זעמליאניקעג אונ דעמ צווייטנ צו מײַנ פרוי. (צו כלעסטאקאָוונ). איכ נעמ מיכ דעמ מוט בעטנ בא אײַכ די דערלויבעניש אָנצושרײַבנ אינ אײַער אָנוועזנהײַט נאָר איינ שורעלע צו מײַנ פרוי, אז זי זאָל זיכ צוגרייטנ אופנעמענ דעם כאָשעווונ גאסט.

כלעסטאקאָו: אפ וואָס דארפ מענ עס?.. אונ, אגעוו, אָט איז טינט, נאָר פאפיר—ווייס איכ ניט... סײַדנ אפ אָט דעמ כעזשבנ.

גאָראָדניטשי: איכ וועל אָט דאָ אָנשרײַבנ. (שרײַבט אונ אינ דער אייגענער צײַט רעדט ער צו זיכ). אונ איצט וועלנ מיר אָקאָרשט א קוק טאָנ, ווי וועט זיכ א דריי טאָנ דאָס רעדל נאָכנ פרישטיק, אונ נאָכ דעמ פלעשעלע מיטנ גראָבנ בײַכל. פאראנ בא אונדז א היגע מאדערע. ניט געוואלדיק אפ דער מארע, אָבער זי קענ אונטערהאקנ די פיס א העלפאנד. איכ דארפ נאָר דערגיינ וואָס איז ער אזוינס, אונ אפ ווי ווײַט מע דארפ זײַנ פאר אימ אָפּגעהיט (אָנגעשריבנ, גיט ער אָפּ דאָבטשינסקינ, וועלכער גייט צו צום טיר. נאָר אינ דעמ מאָמענט רײַסט זיכ אָפּ די טיר אונ באָבטשינסקי, וואָס האָט אונטערגעהערט פונ יענער זײַט, פאלט ארײַנ צוזאמענ מיט דער טיר אפ דער סצענע. אלע לאָזנ ארויס א געשריי, באָבטשינסקי הייבט זיכ אופּ).

כלעסטאקאָו: וואָס? צי האָט איר עפּעס ניט צעשלאָגנ, וואָס?

באָבטשינסקי: גאָרנישט, גאָלע גאָרנישט. שטערט זיכ ניט, אָט דאָ נאָר העכער איבערנ נאָז געמאכט זיכ א קליינעם בײַל! איכ'ל ארײַנלויפנ צו כריסטיאנ איוואנאָוויטשנ. ער האָט אזא מינ פלאסטער, וועט עס איבערגיינ.

גאָראָדניטשי: (גיט באָבטשינסקין א ווונק, מיט פאָרוואורף צו כלעסטאקאָוון) ס'איז גאָרנישט. איך בעט אונטערטעניקסט, זייט אזוי גוט! און אייער דינער וועל איך זאָגן, ער זאָל איבערטראָגן דעם טשעמאָדאן (צו אָסיפּן). ליבער פריינט, דו טראָג אלץ איבער צו מיר, צום גאָראָדניטשי — איטלעכער וועט דיר ווייזן. איך בעט אונטערטעניקסט! (לאָזט דורך פאָרויס כלעסטאקאָוון און גייט נאָך אים, אויסקערעווענדיק זיך, זאָגט ער אָבער באָבטשינסקין מיט פאָרוואורף). א, איר! ניט געפונען קיין אַנדער אָרט ווו צו פאלן, האָט זיך אויסגעצויגן ווי דער שווארציאָר ווייס איך וואָס! (גייט אָפּ. נאָך אים באָבטשינסקי. דער פאָרהאנג פאלט).

יידיש — מ. קולבאק.

(פאָרזעצונג קומט).

ראָכל בוימוואָל

# אליאַרעמ

— עפנ מיר, נו, עפנ מיר.
אינ גאס איז אזא פראָסט —
די קליאמקע האָסט געזוכט פונ טיר
אונ מיכ אריַינגעלאָזט.

א קאלטער לופט־שטראָמ איז אריַינ,
א וואַרעמער—ארויס, ·
ווי גוט איז איצט אינ פאס פונ שיַינ,
ווי גוט איצט זיַינ. אינ הויז.

דאָרט הינטער פענצטער בלאָזט א שניי.
מיר שפילנ ביידע שאָכ,
דערנאָכדעמ טרינקט מענ לאנגזאמ טיי
כ'וועל זיצנ נאָכ אונ נאָכ...

נאָר אנ אליאַרעמ רופט אינ גאס
סירענעס הודענ לאנג.
איכ כאַפ בליצ־שנעל מיַינ אנטיגאַז
אונ טו אימ אָנ אינ גאנג.

א קאלטער לופט־שטראָמ איז אריַינ,
א וואַרעמער—ארויס.
איכ בינ אינ גאס. ניטאָ קיינ שיַינ
פראָזשעקטערס זוכנ בלויז.

עס שוועבט דער „סאמענדיקער" רויכ
איכ בינ שוינ אפ מיַינ אָרט.
טראמוויַיענ שטייענ, אוטאָס אויכ,
די גיכע הילפ בלויז פאָרט.

„אַנ אָפּגעסאַמטנ“ שטיקל ברוכ
מיט וואַפּנע איכ באַשיט.
אינ שוואַרצנ הימל כ׳טו אַ קוק —
איכ הער, דער „סוינע“ פלִיט.

פונ אונטער אַרקע גייט אַרויס
אַ נײַגעריקעס קינד.
איכ כאַפּ דאָס יִינגעלע אינ שויס
אונ לויפ מיט אים געשווינד.

איכ לויפ מיט אים, איכ טוליע אים —
כ׳פאַרהיט אים פונ איפּריט
צום אָפּוואַש־פּונקט איכ אײַל מיט אים —
באַוואַרנ כ׳וועל, צי ניט?..

נאָר איכ דערלויפ נאָכ ניט צום פּונקט —
דאָס קינד זיכ רײַסט אַרויס — — —
עס איז געוואָרנ ליכטיק פּונקט
דעם אַנטיגאַז כ׳טו אויס.

---

ס׳איז ווינטער גוט באַ מיר אינ הויז
אינ וואַרעמקײַט, אינ שײַנ.
נאָר שטענדיק בינ איכ גרייט אַרויס,
אַפּנ ערשטנ רופּ, וואָס ט׳זײַנ.

---

## דאָס ליד

פונ טיפסטער ווײַט,
פונ אַלטסטער צײַט,
דעם מענטש באַגלייט אַ ליד אינ שטרײַט.
אונ צי ער יובלט, צי ער לײַדט, —
אַלציינס אינ פּײַנ אָדער אינ פרייד
אים אומעטום די ליד באַגלייט.

פונ אָנהייב וועלט, פונ ערשטער מי
באַם גיינ אינ יאַגד, באַם פּאַשענ פי.
באַם קריגנ פײַער פונ אַ שטיינ

קאָן זײַן, געזונגענע האָט דער מענטש
און ניט געוווּסט פון דעם אַליין.

די ליד הײַנט כ׳יארשנ בא דער וועלט.
א פרייד הײַנט אינ מײַנ הארצנ קוועלט,
ווי אפ א גרויסנ, גרויסנ פעלד
וואָלט איכ זיכ, מענטש, אויפגעשטעלט
מיר קלינגט אינ אויערנ די ערד.
איכ זינג. צי זײַנ וועל איכ דערהערט?

אינ לאנד פארוואָרצלט איז מײַנ הארצ.
עס שלאָגט דער נאפט, עס הילכט דער ארצ,
אלצ שטראָמט דאָ צויבערדיק אינ ליכט
איכ הער די ערד ביז טיפסטנ שיכט...
און פינקלענדיקער אנטראציט
קלאפט אָנ מיט שטרענגקײַט אינ מײַנ ליד.

ווי פליגל מײַנ געזאנג כ׳צעשפרייט
איכ הער—א הימנ צעוואקסט זיכ ברייט,
מײַנ ברורער גייט, מײַנ כאווער גייט,
מײַנ זיידע גייט מיט גרוי פארווייט,
מײַנ זונ שאלט מונטער אינ טרומייט
אינ ערשטער ריי—אליינ די פרייד.

באָטע לוריע

# אפן סטעפּ

כאָרטנער איז א באָרוועסער מיט פארקאטשעטע הויזן פאמעלעך נאָכגעגאנגען די אָקסן, וואָס האָבן קאם, קאם געשלעפּט די באָראָנע איבער דער פריש־אופגעאקערטער ערד. די שווארץ־ערד האָט זיך געצויגן לענגויס דער באלקע, זיך פארנוזען ארופ בערגל און ווײַטער ערגעץ דאָרט פון אונטערן בערגל, נעבן דעם קרומען ווילדן עפּל־בוים האָט זיך אפן מיטן סטעפּ עסוואָס ארויסגעזען דאָס בײַדל. ארום איז דער סטעפּ געווען שווארץ און פריש. אין דער באלקע איז געווען שטיל, נאָר פון הינטערן בארג, דאָרט ווו מע האָט געזייט דעם ווינטער ווייץ, האָט זיך אָפּט דערטראָגן א געשריי און הוקערײַ צו די פערד.

אין דער באלקע איז אויסער כאָרטנערן קיינער ניט געווען. ער האָט זיך בעקיוון געסטארעט פארקלײַבן וואָס טיפער אהער, ווײַטער פון דער בריגאדע.

די אָקסן זײַנען געגאנגען פאמעלעך, טראָט בא טראָט, אונטערטרייסלענדיק מיט די כאָלעס. די באָראָנע איז אלע ווײַלע אונטערגעשפרונגען איבער די הרודעס ערד, זי איז אינגאנצן פארשטאָפּט געווען צווישן די ציינער מיט גראָז, דורכגעפוילטן סטערניא און בוריאן.

כאָרטנער האָט קאם געשלעפּט די פיס, ווי זיי וואָלטן אים אָפּגעכאלעשט געוואָרן. ער איז אלע ווײַלע אָפּגעשטאנען פון דער באָראָנע, פון די אָקסן, געבליבן שטיין אפן מיטן שווארץ־ערד און מיט די געלבלעך־פארזשמורעטע אויגן זיך ארומגעקוקט אין אלע זײַטן.

— וואָס טויגע איך זיך ארום, וואָס דארף איך האָרעווען פאר זיי,—האָט ער אומצופרידן געבורטשעט,—זיי הולן דאָרט כאָליען און איך'ל דאָ פאר זיי האָרעווען...

ער איז געווען זיכער, אז אלעמען גייט אָן די ארבעט פונקט ווי אים, אז איינער האלט אין נארן דעם אנדערן. אים האָט זיך איצט געדוכט, אז דאָרט הינטערן בארג זייט סען באָרניס, זיי ליגן דאָרט מיסטאָמע אונטער די זייעלקעס, אז קיינער זאָל זיי ניט זען, און כראָפּען,—ניין, זיי וועלן גיין האָרעווען אפ מיר,—האָט ער פון פארדראָס זיך געקראצט,—פערד זײַנען זיי... ווער סע קען דרייט זיך ארויס...

ער איז אלץ אזוי געשטאנען און זיך ארומגעקוקט איבערן סטעפּ.

— אווו איז ער... אז אים זעט מען גאָרניט,—האָט ער געזוכט דאָוויד־בערן, וואָס האָט געבאָראָנעוועט פריִער אפן סאמע בארג,—מיסטאָמע דריכנעט ער און איך'ל האָרעווען אפ זיי... ווי לאנג כאָליען זיי, איך האָב זיי אין דר'ערד מיט אלץ מיט אנאנדער...

ער איז נאָך אזוי א ווײַלע געשטאנען, ארומגעקוקט זיך, צי קיינער איז דאָ אין באל־קע ניטאָ, דערפילט מיטאמאָל עפעס א פוילע נאָענטקייט אין אלע גלידער און ס'האָט אים א צי געטאָן אין דער קאנאווע זיך אויסצוציִען אף דער ערד, אף די לעצטע ביסל גרינ־לעכע גראָז, אויסגלייַכן די ביינער, אן עסעם טאָן די פייַכטקייט פון דער ערד און גע־שמאק אנדרעמלט ווערן.

ער האָט פאמעלעך, שלעפנדיק די פיס, פארקערעוועט די אָקסן אָן א זײַט צו דער קאנאווע, זיי געלאָזט זיך פאשען אף די דערבײַיקע שיטערלעכע גראָז און אליין זיך אויסגעצויגן אראָפ מיטן בויך אף דער פייַכטלעכער ערד.

— נישקאָשע, זאָלן די אָקסן זיך אביסל אָפרוען,—האָט ער זיך א קראַץ געטאָן סאמע אונטערן בויך,—מע זעט סײַווי ניט... ארבעט יאָ, ארבעט ניט, איז בא זיי סײַווי גלײַך...— האָט ער פאר זיך אליין געפרווט פארענטפערן,—וואָס זיי ארבעטן דאָרט, אוואדע, מ'ליגט אין די באלקעס און איכ'ל זיי גיין אָנרײַבן מאָזאָליעס...

ער האָט בעסער אויסגעצויגן די פיס לענגויס דער קאנאווע, געקוקט פון צווישן די גראָז ארופ אהין אפן בערגל, פון וואנען עס האָט זיך ארויסגעזען די שפיץ בײַדל, צי קיינער ווײַזט זיך ניט...

ארום און ארום, און אפן בארג האָט זיך קיינער ניט געזען. עס האָט זיך, ווי פריִער, אלע ווײַלע דערטראָגן אָן אָפגעריסענער געשריי, א הוקערײַ צו די פערד און א ווײַטער הירזשען פון יונגע לאָשעקלעך. פון הינטערן בײַדל האָט זיך געקנוילט א געדיכטער רויך צום עטוואָס פארוואָלקנטן הימל, קאָנטיק, אז נאסטיע האָט שוין דאָרט געגרייט מיטעק.

די אָקסן זײַנען דערוויַיל אָפגעגאנגען אביסל אָן א זײַט, נאָכגעשלעפט נאָך זיך די איבערגעקערטע באָראָנע, באשמעקט מיט די ברייטע פײַכטע נאָזלעכער די ערד און גע־צופט די שפעטיקע שיטערלעכע גראָז.

— טאָמער מע וועט דערזען די אָקסן,—האָט ער זיך געטראכט,—איז וואָס האָט ער מוירע, ער איז דאָך ניט מער, ווי א מענטש, וואָסי מ'טאָר זיך שוין דאָס אויך ניט פארגינען...

אין א ווײַלע ארום האָט זיך דאָס געשריי און הירזשערײַ פון אונטערן בארג דער־טראָגן בוילעטער. כאָרטנער האָט זיך עטוואָס אופגעהויבן און דערזען פון אונטערן בארג די קעפ פון די אינ־פאָר־געשפאנטע פערד. זיי האָבן זיך קאם וואָס ארויסגעזען, געהאלטן זיך אין איין באוועגן אלץ נעענטער און נעענטער אהער, נאָך זיי זײַנען נאָכגעגאנגען די כוטעראנ־צעס. נאָכדעם האָבן זיי זיך קאָנטיק אויסגעדרייט און פארנומען צוריק צו דעם בײַדל, פארלירנדיק זיך הינטערן בארג.

— זאָלן זיי זייען,—האָט כאָרטנער האלב־צוגעמאכט די אויגן,—איך האָב זיך דער־ווײַל ניט וואָס צו אײַלן... מער געארבעט, ווייניקער געארבעט, דאָ איז דאָס מיר אלץ־איינס... בא זיך האָב איך דאָס געקענט אויסמעסטן און דאָ עסן סײַווי אלע פון איין טאָפ... וואָס וועט מיר ארויסקומען, אז כ'וועל אוועקלייגן די לעצטע קויכעס,— האָט ער זיך געטראכט,—וועט די ערד ווערן אביסל בעסער, וועט זי געבן מיט א צען פוד מער, וועט דאָס נאָך אלע געשיכטעס אף מײַן כיילעק אָנטרעפן א פערטל פונט מער אָדער דאָס אויך ניט... כ'בין זיי מויכל דעם פערטל פונט און כ'וויל ניט מאזאָליען די פיס, כ'האָב דאָס אין דר'ערד... מיר ארט ניט, אז כ'ל באקומען מיט א פערטל פונט ווייניקער און כ'ל זיך אביסל בעסער אָפרוען, ס'גייט מיר אָן די געשיכטע...

אים האָט איצט נאָר פאַרדראָסן, וואָס ער האָט פריִער נאָכאַנאַנד געבאָראָנעוועט, אים האָט זיך אָנגעהויבן אויסדוכטן, אַז ער האָט געאַרבעט מער ווי זיי און דאָס האָט אים פאַרדראָסן... געדאַרפט זיך גלײַך צולייגן דאָ אין קאַנאַווע און פאַרטיק, ער האָט ניט וואָס צו האָרעווען אַף אַלעמען... ער ווייס גוט דעם געזעץ פון לעבן. זײַן טאַטע, זײַן זיידע, זײַן גאַנצע מישפּאָכע האָט אים געלערנט, אַז די וועלט איז געבויט אַף צוויי זאַכן: אָדער ער וועט יענעם אָנפּײַפן, אָדער יענער וועט אים אָנפּײַפן... אויב אַזוי איז שטענדיק גלײַכער יענעם אָנפּײַפן...

ער איז אַזוי היפּש געלעגן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן. ניט ווײַט, אַראָפּ באַרג איז עמעצער געגאַנגען אַהער. ער איז אויפגעשפּרונגען, אַראָפּגעלאָזט די הויזן און אַזוי צוהאַלטנדיק זיי אַביסל, אַרויס פון דער קאַנאַווע און אַ געשריי געטאָן צו די צאָבעס.

פונעם באַרג איז גיך, עטוואָס אונטערשפּרינגענדיק געגאַנגען אַהער כאָנצי. ער האָט אויסגעזען זייער דאַר און הויך. ער איז געווען אײַנגעאַנצן פאַרוואָקסן, קאָנטיק, אַז ער איז שוין לאַנג ניט געווען אַפן כוטער. גייענדיק האָט ער באַטראַכט, ווי עס איז דאָ געבאָראָנעוועט דאָס פעלד, אַפן ווען צעקלאַפּט מיטן פוס גרויסע הרודעס ערד און אָנגעגאַנגען נאָכדעם אַנטקעגן כאָרטנערן.

— אָט אַזוי באָראָנעוועסטו,—האָט ער אים אָנגעוויזן.

— וואָסי,—איז כאָרטנער געבליבן שטיין אַנטקעגן אים און פאַנאַנדערגעשטעלט ברייט די פיס.

— גיב אַ קוק וואָס סע טוט זיך...

— ס'געפעלט דיר עפּשער ניט...

— ניין, ס'איז אַן אַרבעט, אי דאָס.

— אַזוי... קען איך זיך בײַטן מיט דיר,—האָט כאָרטנער אַן אויפגערעגטער אויסגעשפּיגן,—באָראָנעווע דו... איך קען אויך זײַן אַ בריגאַדיר...—ער האָט אַ טרײַב געטאָן די אָקסן און אַוועק נאָך זיי.

כאָנצי איז אַ ווײַלע געשטאַנען, נאָכגעקוקט אים, ווי ער וואָלט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. נאָכדעם האָט ער געמאַכט אַ פּאָר טריט.

— ווילסט זיך בײַטן... נו, גיי... אָן האָט זיך דאָרטן אַפן זיאַב צעבראָכן אַ טראַקטאָר, גיי פאַריכט אים און איך'ל דאָ באָראָנעווען.

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט,—האָט כאָרטנער זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן,—מיר זאָלסטו ניט לערנען, דו הערסט... איך בין אַ געלערנטער אָן דיר... אָט אַזוי ווי איך קען, אַזוי אַרבעט איך...

— שרײַ ניט,—האָט כאָנצי זיך קאַלט אָפּגערופן,—אַזוי באָראָנעווע מען ניט, פאַרשטייסט, צי ניט... נאָך אַזאַ באָראָנעווען וועלן מיר איבעראַיאָר פאַרשפּאָרן צו שנײַדן...

— איז ווי דו ווילסט זיך, אַנדערש קען איך ניט... קיינער וועט מיר ניט לערנען, ווען ניט, קען איך אײַנגאַנצן וואַרפן די אַרבעט.

כאָנצי איז געשטאַנען און געטראַכט, וואָס זאָל ער אים זאָגן. ער האָט זיך געסטאַרעט זײַן רויִק, נאָכדעם האָט ער זיך אָפּגערופן...

— הער נאָר, כאָרטנער, אויב דו וועסט ווײַטער אַזוי באָראָנעווען, וועל איך דיר דעם אַרבעטסטאָג ניט פאַרשרײַבן, דו פאַרשטייסט, צי ניט...

— קענסט ניט פאַרשרײַבן,—האָט כאָרטנער אויסגעשפּיגן,—וועט זײַן אַ שטעקעלע ווינציקער.

— נו, נו, ס'איז בא דיר אזוי אויך ניט קיינ סאכ...—איז כאַנצי אנ אופגערעגטער אוועק קרום מיטנ סטעפ צו דער וואָראָנע־באַלקע, ווּ די טראקטאָרנ האָבנ געהייבנ דעם פריר־אקער.

כאָרטנער איז געבליבנ שטיינ מיט א האלב־אָפּענעם מויל, ווי ער וואָלט דערשטיקט געוואָרנ מיט א זידל־וואָרט. די אויגנ האָבנ זיכ בא אים אָנגעגאָסנ מיט בלוט, ער האָט נאָכגעקוקט כאַנצינ, וואָס האָט זיכ דערווײַטערט אונ געפילט, אז פאר אופרעגונג ציטערנ אים די הענט.

— איכ האָב דיר אינ דר'ערד מיט דײַנע שטעקעלעכ,—האָט ער מיטאמאָל א געשריי געטאָנ איבערנ סטעפ,—אליינ פארשרײַבט ער זיכ... אָנגעשלעפּט זיכ פונ אמבאר... אכ, דו... ער וועט מיר ניט פארשרײַבנ...

כאַנצי איז שוינ געוועג ווײַט. ער האָט געהערט נאָכ זיכ א געשריי, נאָר גאָרנישט ניט פאנאנדערגעקליבנ.

כאָרטנער האָט איבערגעלאָזט די אָקסנ, ער האָט שוינ מער ניט געבאָראָנעוועט, זיכ ארומגעדרייט אונ זיכ ניט געקענט בארויִקנ.

— ער וועט מיר לערנענ, וועט ער מיר... ער וועט מיר סטראשענ מיט די שטעקעלעכ... מיטאמאָל האָט ער דערזעענ, ווי מיט דעם בוריאנאָוועקער וועג האָט זיכ פארנומענ צו דעם בײַדל א בעדארקע, קאַנטיק, יודל פיסקונ. ער האָט ארופגעלאָזט די צאָבעס אפּגעראָז אונ מיט דער בײַטש אינ האנט אוועק ארופ צו דעם בײַדל.

ער וועט באלד א נעמ טאָנ יודלענ. ער וויל דאָ ניט ארבעטנ אונ פארטיק, זאָל מענ אים שיקנ אפּ אנ אנדער אָרט.

ווענ כאָרטנער איז צוגעקומענ צו דעם בײַדל, איז די בעדארקע שוינ געווענ אָפּגעפאָרנ. קיינער איז דאָרט ניט געווענ אויסער נאסטיענ, וואָס האָט זיכ געפּאָרעט בא דעם פאנאנדערגעהייצטנ קעסל. זי איז געווענ פארנומענ, אז זי האָט אים אפילע ניט כאַמערקט. ער האָט זיכ א ווײַלע ארומגעדרייט אינגאנצנ אנ אופגערעגטער, געפילט, אז ער דארפ איצט קאָלומאנ ס'איז ניט שפעט עפעס אָפּטאָנ כאַנצינ, אײַנגעבויגענערהייט גיכ ארײַנ אינ דעם שטרויענעם בײַדל.

אינ דעם בײַדל איז געווענ טונקל. עס האָט דאָרט שטארק אָפּגעגעבנ מיט איבערגעספּלעטע קאווענעס, מיט ווייכע דיניעס אונ צוגעטריקנטע שאָלעכצ פונ אוגערקעס. ארום אונ ארום האָבנ געדיכט געקישעט גרויסע שווארצע סטעפּ־פליגנ אונ אָנגעפילט מיט א זשום דאָס בײַדל.

כאָרטנער איז געבליבנ שטיינ, זיכ ארומגעקוקט. ער האָט דערפילט עפעס אנ אומרויִקײַט, ווי ער וואָלט איצט ארײַנ אינ א פרעמדער שטוב, ווּ ס'איז קיינער ניטאָ אונ ער קענ טאָנ וואָס ער וויל. אינ סאמע ווינקל, צווישנ די צעטאָפּטשעטע שטרוי האָט ער דערזעענ כאַנציס, דעם בריגאדירס הילצערנע פארבוימלטע קעסטל אונ זיכ פלינק געלאָזט צו איר.

— נישקאָשע, די גאנצע פעטס נעמט ער זיכ ארופּ...—האָט ער א טראכט געטאָנ,—דאָרט קענ ליגנ א גוטע שטיקל סאלע...

ער האָט געעפנט דאָס קעסטל. אפנ דעק זײַנענ דאָרטנ געלעגנ עטלעכע געלע אופגעלאָפענע אוגערקעס, א פאָר ציימלעכ אינ א זעקעלע. ער האָט גענומענ דאָס זעקעלע, באטאפּט, דאָרט איז גאָרנישט ניט געווענ אויסער א צונויפגעדרייטער, ארומגעשמאָרכעטער העפט אונ א פאָר סקאָרינקעס.

— אָט דאָס זײַנען דאָס די שטעקעלעך,—האָט ער א טראכט געטאָן, געוואָלט א קוק טאָן, נאָר אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז עמעצער רעדט דאָ ניט ווײַט, אז מע גייט אהער, ער האָט גיך פארוקט דאָס זעקעלע מיטן העפט צו זיך אונטערן העמד, זיך ארויסגעשארט פון דעם בײַדל און מיט ברייטע טריט אוועק אראָפּ, צו די אָקסן, וואָס האָבן זיך געפּאשעט דאָרט נעבן דער קאנאווע.

— ער וועט וויסן איצט ווי צו סטראשען,—האָט כאָרטנער אופגערעגט געטראכט גייענדיק,—זאָל ער איצט שרײַבן... איכ'ל מאכן באלד אלעמען גלײַך...

נעבן דער קאנאווע האָט ער זיך ארומגעקוקט, צי קיינער איז אים ניט נאָכגעגאנגען, ארויסגעשלעפּט דעם צונויפגענייטן העפט, א בלעטער געטאָן. אפּ אים איז געווען פארשריבן די סאמע קלענסטע צאָל ארבעטסטעג.

— זיך האָט ער דאפקע אָנגעדראקעט,—האָט אים ארומגעכאפּט א האס, צעריסן דעם העפט אפּ צווייען, נאָכדעם ווידער אפּ שטיקלעך, געפּילט, אז עס איז אים עפּעס גרינגער געוואָרן אפן הארצן און פאנאנדערגעוואָרפן די צעריסענע שטיקלעך פון העפט איבער דער פארוואָקסענער קאנאווע.

— זאָל ער איצט שרײַבן... כאָרטנער האָט פארנומען די אָקסן, זיי גיכער אונטערגעטריבן העכער ארופ־בארג, ווו מע האָט געזייט. זאָלן זיי זעען דאָרט, אז ער ארבעט, אז ער בראָנעוועט...

פון דעם צווייטן זײַט בארג האָט געבראָנעוועט דאָוויד־בער. ער האָט געבראָנעוועט אָן אן אופהער פון פארטאָג אָן. ער האָט זיך געסטארעט ארבעטן וואָס מער און פארגעסן זיך אָן יענער נאכט, אָן יודלען, אָן דער פארשאָטענער גרוב הינטער דער קלוניע. ער האָט זיך קיין איין מינוט ניט אָפּגערוט, אלע ווײַלע פארהייבן די באָראָנע, אויסגערייניקט די גראָז און קופּקעסווײַז אָפּגעשארט אָן אזײַט. ער האָט בא זיך שוין געהאט באשטימט אויסגראָבן דעם ווייץ און אָפּטראָגן אין קאָלווירט, נאָר ס'איז אים דאָס געווען שווער און ער האָט אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג, און געסטארעט זיך דערווײַל וואָס בעסער ארבעטן, ווי ער וואָלט מיט דעם געוואָלט כאָטש פאר זיך אליין אויסקויפן דעם פארברעכן...

כאָרטנער האָט איצט פונעם בערגל געזען, ווי דאָוויד־בער איז נאָכגעגאנגען נאָך דער באָראָנע און ס'האָט אים אָנגענומען א קאס אפּ אים.

— ער מיינט, אז ער וועט עפּעס האָבן... נאָר סע וויל זיך אויספּײַנען... זאָל ער איצט גיין זוכן זײַנע שטעקעלעך...

ער האָט ניט געהאט באוויזן מאכן א פּאָר קרײַזן, ווי פונעם בײַדל האָט זיך איבערן סטעפּ פאנאנדערגעטראָגן און דערקײַקלט אהער א ווײַטע קלינגערײַ. נאסטיע האָט געקלונגען אפּ מיטעק.

אפן שווארץ־ערד האָבן אין פארשיידענע זײַטן זיך אָפּגעשטעלט די זייעלקעס. די קאָלווירטניקעס האָבן אויסגעשפּאנט די פערד, געפּענטעט זיי, געלאָזט אפן דערבײַיִקן גראָז זיך פּאשען און אליין, ווי זיי וואָלטן דערפילט דעם געשמאקן גערוך, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם קעסל, גיך אוועק ארופּ צו דעם בײַדל.

כאָרטנער האָט פּאמעלעך, ניט געאײַלט אויסגעשפּאנט די אָקסן, אוועקגעטריבן זיי אהין, ווו ס'האָבן זיך געפּאשעט די פערד.

— וואָס טוט מען מיטן זעקעלע,—האָט ער א טראכט געטאָן. ער האָט אליין ניט געוווּסט, צי ער זאָל אים ארײַנוואָרפן צוריק אהין אין קעסטל, ווי ס'וואָלט גאָרניט גע־

ווען, אָדער פארשטעקן דאָ ערגעץ. ער האָט זיך מיט פאמעלעכע וואקלדיקע טריט גע־לאָזט גיין איבער דער ווייך־אופגעאקערטער שווארץ־ערד. ארום זײַנען אין עטלעכע ער־טער פאנאנדערגעוואָרפן געשטאנענע אויסגעשפאנטע זייעלקעס. פארבײַגייענדיק האָט אים א צי געטאָן צו א זייעלקע, ער איז צוגעגאנגען, פארהויבן דאָס דעקל און דערזען דאָרט היפש פארבליבענע ווייץ.

ארום איז קיינער ניט געווען. די כוטעראנצעס זײַנען שוין קאָנטיק אלע געווען בא דעם בײַדל. כאָרטנער האָט מיטאמאָל עפעס אומרויִק א טראכט געטאָן, ארויסגעשלעפט דאָס זעקעלע, אָנגעשאָטן אים מיט ווייץ און פאָרזיכטיק זיך פארנומען צוריק צו דער קאנאווע. ער האָט זיך דאָרט אווײַלע ארומגעדרייט, געזוכט ווו בעסער צו באהאלטן, פארשטעקט דאָס זעקעלע מיט ווייץ צווישן דעם גראָז און זיך געלאָזט צו דער בײַדל.

— זאָל דאָס ליגן... אז עס וועט ווערן פינצטער, באנאכט, וועט ער דאָס שוין ווי ניט איז צוראמען פון דאָרט.

ווען ער איז אָנגעקומען צו דעם בײַדל, האָבן די קאָלווירטניקעס שוין געגעסן. ווער באם טיש, ווער אפ די שטרוי נעבן דער הארבע און ווער גלאט אזוי אפ דער ערד. נאסטיע האָט אים אָנגעגאָסן א פולע שיסל, ער האָט זיך אוועקגעזעצט צווישן אלעמען, ווי ס'וואָלט גאָרנישט ניט פאָרגעקומען און הויך געכליאָפטשעט.

כאָנצי איז נאָך ניט געווען. קאָנטיק, אז די צווייטע בריגאדע האָט אים פאר־האלטן.

די כוטעראנצעס האָבן געגעסן פאמעלעך, ווי זיי וואָלטן פארגעניגן געהאט פון יע־דער לעפל באזונדער און הויך גערעדט צווישן זיך.

מע האָט געכעזשבעט און געשאצט וויפל ברויט קען געבן איבעראיאָר דער דאָ־זיקער פאר.

— וואָסי, ס'איז פאר, ס'איז ניט קיין פאר, ס'איז לעקעך...

— די ערד איז דאָ פעט, ווי מאקוכע...

— אזא ערד, אז מע זאָל זי נאָר גוט פארזייען, לאכט זי פונעם רעגן...

די כוטעראנצעס האָבן געגעסן און הויך גערעדט צווישן זיך.

היפש שפעטער, ווען זיי האָבן שוין געהאט אָפגעגעסן און געלעגן אויסגעצויגן אפ דער ערד, זיך אָפגערוט, זײַנען פון סטעפ אָנגעלאָפן עטלעכע פיאָנערן, דרויאנס און סמעקענס יינגלעך מיט א זעקעלע ווייץ.

— מיר האָבן געפונען... אין דער קאנאווע...—האָבן זיי פארסאָ־פעט איבערגעשריִען איינע די אנדערע.

די כוטעראנצעס האָבן זיך א כאפ געטאָן פון די ערטער, מ'האָט פון אלע זײַטן ארומגערינגלט די כעוורע:

— וואָסי... ווו האָט איר געפונען?..

— אין דער קאנאווע... אָן דאָרט... פארשטעקט צווישן גראָז... מיר האָבן זיך גע־יאָגט נאָך א סוסליק... ערשט מיר זען...

די כוטעראנצעס האָבן גענומען דאָס זעקעלע. ער איז איבערגעגאנגען פון האנט צו האנט און יעדערער האָט זיך געפילט עפעס ניט אָנגענעם, ווי אים וואָלט זיך געדאכט, אז אלע קוקן איצט אפ אים...

ס'איז פון אונדזער בריגאדע...—האָט ווילינאָוו גענומען דאָס זעקעלע און באקוקט די כוטעראנצעס,—בא זיך אליין שלעפט מען פון די זייעלקעס...

— נו, מע זעט דאָך, אז ס'איז פון אונדזער בריגאדע...

— אָט אזוי צעשלעפט מען דעם ווייץ, איידער מע פארזייט אים נאָך...

די כוטעראנצעס זײַנען געשטאנען פארהאָרעוועטע, געווען אופגערעגט.

— וואָסי, ס'גייט דאָ אין זעקעלע ווייץ, ס'איז דאָך צענדליקער פודן ברויט...

— אָט אזוי צעשלעפט מען אליין די זריִע...

הארגענען קומט פאר דעם...

— הארגענען!..

— האָרעווע און האָרעווע און נאָכדעם וועט אנשטאָט ברויט אופגיין בוריאַן...

— עפשער האָט דאָס א פרעמדער...

— וואָס א פרעמדער... ס'איז אן אייגענער מענטש, א פרעמדער וואָלט דאָס גלײַך צוגענומען... האָט ווילינאָוו זיך געהיצט, אָט איז די גאנצע בריגאדע,—האָט ער זיך ארומגעקוקט,—קיין פרעמדער האָט ניט גענומען...

דאָוויד־בער איז געשטאנען אביסל אָן אזײַט. א געדיכטער שווייס האָט אים איינגעצן באשלאָגן און ער האָט דערפילט, אז די כוטעראנצעס הייבן זיך אָן אומקוקן אף אים. ער האָט מיטאמאָל געמאכט א פאָר טריט, ווי ער וואָלט געוואָלט עפעס זאָגן, נאָר פארהאלטן זיך.

די כוטעראנצעס האָבן געשוויגן.

— וואָס זשע שווײַגט איר,—איז ווילינאָוו געוואָרן אלץ מער אופגערעגט,—מיר אקערן די ערד, מיר האָרעווען, מיר בראָנעווען און פארזייען עס קומט אויס נאָך דעם מיט פוסטע זייעלקעס... ברויט ווילסטו נאָכדעם,—האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דרויאנען,—אָט איז אונדזער ברויט, איידער מע באווײַזט אים פארזייען, צעגאנוועט מען אים...

— וואָס רעדסטו צו מיר,—איז דרויאן געוואָרן אינגאנצן רויט.

ארום האָט זיך אופגעהויבן א טומל. די כוטעראנצעס האָבן געשריִען, געזידלט זיך און יעדערער האָט דערוויזן, אז ער ווייס פון גאָרניט, אז ער האָט געארבעט ניט אליין, אז ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געבראכט אהער קיין זעקעלע.

— קיינער ווייס ניט...—האָט ווילינאָוו זיך אוועקגעזעצט,—קיינער האָט ניט גענומען... דאָס זעקעלע, קומט אויס, האָט זיך אליין אָנגעשאָטן... אויב אזוי וועט איר עפשער זאָגן וועמעס זעקעלע דאָס איז, הא, דאָוויד־בער,—האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אים, — גיב א קוק, עפשער האָסטו דײַן זעקעלע פארלאָרן.

דאָוויד־בער האָט געפילט, ווי ס'ציטערן אים די הענט. ער האָט פאמעלעך אופגעהויבן דעם קאָפּ א קוק געטאָן אפן זעקעלע און א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף ניין.

— וואָס ווילסטו פון אים,—האָבן די כוטעראנצעס זיך אָפגערופן,—ווי קומט ער צו די ווייץ, אז ער האָט גאָר געבראָנעוועט ווער ווייס, ווו דאָרט...

מע האָט געהאלטן אין איין באטראכטן דאָס זעקעלע, געזידלט זיך און געשריִען איבערן סטעפּ. נאָכדעם האָבן זיי אויסגעשאָטן דעם ווייץ אין אן עמער און געגעבן דאָס ליידיקע זעקעלע די פיִאָנערן זיי זאָלן גיין פון שטוב צו שטוב, עפשער וועט אים דאָרט עמעצער דערקאָנען...

---

א. באראָדיאַנסקי

# לידער

## דאָרף

דאָרף, אין דיר בין איך געבאָרן,
אין דיר האָב איך מײַן ערשטע קינדהײַט־פרייד פארלאָרן,
די קינדהײַט־פרייד פארלאָרן
אין דעם גערויש פון בלעטער,
אין מיר ליגן די רייכעס פון דײַנע גרויסע סעדער.

און ס'איז מײַן ליב פארברענט פון באַגינענדיקע שטראַלן,
נאָר ס'טוט מיר נאָרניט באנק אָט דאָס, וואָס גייט פארפאַלן.
אין דרעמלענדיקע בערג ביסט, דאָרף, געשלאָפן לאנג,
געהערט האָבן דיביימער פון דײַנע קנעכט געזאנג.

ווי כ'האָב זיך דאָס געיאָגט דאָרט א ייִנגעלע אליין,
עס האָבן דײַנע לאָנקעס געהערט מײַן קינד־געוויין,
ווי איך האָב זיך געפרייט עס, ווי איך האָב זיך געשפילט,
ווי איך האָב זיך עס גליקלעך דאָס ערשטע מאָל דערפילט.

---

* *
*

כ'האָב דערהערט אף דער ערד האָט געקלונגען א וואָגן,
כ'האָב דערהערט אף דער ערד האָט צעשפרייט זיך א טאָג,
דער וואָגן געווען איז מיט גאָלדענע רעדער,
איך האָב זיך צום וואָגן געגעבן א יאָג.

און ס'האָבן אפילע די הימלען די קלאָרע,
און ס'האָבן די וועלדער, די ווײַטע געהערט,
ווי ס'האָבן געקלונגען די גאָלדענע רעדער
און האָבן צעשאָטן דעם טאָג אף דער ערד.

---

## עמעץ פירט דײַן קינדהײַט אָפּ

אין טײַך אפּ זילבער־שיפּן עמעץ פירט דײַן קינדהײַט אָפּ,
דאָרט, אין אָפּגרונטן פון טײַכן פאלט איר העמדל שוין אראָפּ.

אָפּט אזוי אין גרינגע רעגעס פריידס מײַן לײַב זיך אָן א סאָפּ,
ווען אפּ אויסגעשפּרייטע ווענגן פאלט אראָפּ א מידער שלאָפּ,

ניי איך אום... שוין ניט קיין יינגל אפּ די סטעזשקעלעך איך גיי.
און דאָס הארץ דערהערט פון חײַטן אזא מונטערן געשריי.

יינגל, הער, אפּ זילבער־שיפּן עמעץ פירט דײַן קינדהײַט אָפּ,
דאָרט, אין אָפּגרונטן פון טײַכן פאלט איר העמדל שוין אראָפּ.

## אין א בליִענדיקן זומער

אין א בליִענדיקן זומער בא א שליאך א מיידל שטייט,
צו א בוים זיך צוגעטוליעט אין א ראָזער־העלער קלייד.
שטייט א מיידל שטייט און ליבט זיך ווי ס'גייט אופּ פון ווײַט די נאכט,
און פאר נאכעס און פאר ליבע אירע אויגן זי פארמאכט.

ס'רײַט א רײַטער פון דער ווײַטן און זײַן פערד איז שיין און פלינק
און עס דוכט זיך, אז ער יאָגט ניט, נאָר ער פליט דאָרט און ער זינגט.

פּלוצים שטעלט ער זיך דאָ אָפּעט, שטייט דאָס מיידל און זי קלערט,
און דער רײַטער זאָגט דעם מיידל—היפל איז דײַן שיינקײַט ווערט!
— זאָג מיר, מיידל, ווו דער שליאך גייט, זאָג מיר ווו א נאָענט דאָרף,
ס'ווערט שוין שפּעט אזוי און פינצטער, ס'טוט די נאכט זיך שוין א וואָרף.

„כ'וועל דיר ווײַזן, יונגער רײַטער, ווו א דאָרף איז, ווו א וועג,
ס'האָבן דײַנע שטילע ווערטער דאָך מײַן הארץ איצט אופגעוועקט"
הערט דער רײַטער, הערט זיך אײַנעט, אין דעם מיידלס שטילע רייד,
ס'טוט א בליץ אין זײַנע אויגן: איר געזיכט, איר שיינע קלייד.

און עס טוט דער פערד א יאָג זיך און פארשווינדט אין ווײַטן גיך.
אָט פארגעסט ער, אָט פארזעט ער נאָך אמאָל איר שיין געזיכט,
ער וועט קיינמאָל ניט פארגעסן אירע אויגן און איר שטים,
און דעם וועג, וואָס שפּרייט סאָרויס זיך און וואָס בלײַבט דאָרט אונטער אים...

טראכט דאָס מיידל פונעם רײַטער, שטייענדיק באם גרינעם בוים,
פון זײַן פערד דער ברוינער שלאנקײַט, און דער זילבער־ווײַסער צוים.
„רויטאָרמייער, רויטאָרמייער, ס'פארשטעלט דער שטויב דיך און דײַן פערד"
און דער אָפּהילך פון די טלאָען אין איר הארצן זיך דערהערט.

---

פּײַװל סיטאָ

# דער אַסטראָנאָם און דער קעכער

אין איצטער, אױב די לעזער װעלן גאָרניט האָבן קעגן, װעל איך זײ דערצײלן אַ פרײלעכע געשיכטע װעגן אײנער אַ מײדל מיטן נאָמען טאַניע קאַפּוט, װעלכע האָט הײַנטיקן זומער געהאַט צו לײזן זײער אַ שװערע לעבנס־פראַגע: פאַר װעמען זאָל זי כאַסענע האָבן—פאַר אַן אַסטראָנאָם, צי פאַר אַ קעכער?

צום אָנהױב קאָן זיך די דאָזיקע געשיכטע, װאָס איך דערצײל אײַך דאָ, אױסװײַזן אַפּילע אַביסל מאָדנע, און, מעגלעך, אַז אײניקע פון אײַך, ליבע לעזערנס, איר זאָלט מיר מױכל זײַן פאַרן עפּעס, װען מע פרעגט אײַך אַ שטײגער: „פאַר װעמען?" װאָלט איר זיכער געענטפערט—„פאַרן אַסטראָנאָם". נאָר קעדײ איר זאָלט זיך איבערצײַגן, אַז אונדזער טאַניען איז גאָר ניט אַזױ לײַכט געװען ענדגילטיק באַשליסן די פראַגע, װעל איך אײַך מוזן אַביסל פאַרהאַלטן און דערצײלן די געשיכטע מער אױספירלעך.

הײַנטיקן זומער, אַפ װיפל ס'איז געשיכטע װעלן מיר זײַן פּינקטלעכער—זומער 1936־טן יאָר, האָט טאַניע קאַפּוט אַ שטעטלדיק מײדל פון דראַזשנע, אַ סעקרעטאַר פון אַ קאָסטאַרן־אַרטעל באַקומען אַן אומזיסטיקע פּוטיאָװקע קײן יאַלטע. איך װיל ניט אָפּצײַען אײַער אױפמערקזאַמקײַט און נעמען אײַך באַשרײַבן די שײנע קרימער בערג, װאָס זײערע שפּיצן נעכטיקן טאָמיד אין די װאָלקנס; דעם ראַכװעסדיקן שװאַרצן יאַם, װאָס איז זומער מילד און שטיל װי אַ טײַבעלע און די װוּנדערלעכע קרימער קיפּאַריסן, װאָס צו זײער שלאַנקײַט איז קײן גלײַכן ניטאָ אַפ דער װעלט—דאָס אַלץ װעלן מיר איבערלאָזן אַפ אַן אַנדערש מאָל. איצטער װעלן מיר זײַן קירצער: די קרימער נאַטור האָט אונדזער טאַניען פּאָשעט פאַרקישעפט.

דער קישעף איז אָבער געװען אַ צװײיענדיקער. װען דער צוג איז אָנגעקומען קײן סעװאַסטאָפּאָל, איז טאַניע, װי אַלע פּאַסאַזשירן־קוראָרטניקעס אַװעק צום אױטאָ, װאָס פירט קײן יאַלטע. די טרעפּלעך פון אױטאָ זײַנען אָבער געװען אַביסל צו הױכע און דאָס קלײדל בא טאַניען איז געװען, איר זאָלט מיר מױכל זײַן פאַר דער פּראָזע, צו אַ שמאָלס, איז איר שװער געװען אַרױפקריכן אין אױטאָ. פאַר איר איז אָבער געשטאַנען אַ מאַנסבל, קענטיק אַן אינטעליגענטנער מענטש, האָט ער איר אױסגעשטרעקט אַ האַנט. טאַניע האָט ניט דערװידערט, האָט ער זי אַ הױב געטאָן און קימאַט אַרײַנגעטראָגן אין אױטאָ אַרײַן. אַז דער אױטאָ האָט זיך שױן גערירט, האָט דער מענטש אַ פרעג געטאָן, װוּהין פאָרט זי,—ענטפערט טאַניע: אין דעם און דעם אָפּרו־הױז. זאָגט ער, אַז ער פאָרט אױך אַהין. פרעגט אים שױן טאַניע פון װאַנען פאָרט ער, ענטפערט ער—פון לעניני־

גראַד. ווו ארבעט ער? ענטפערט ער—אינ פולקאַווער אָבסערוואַטאָריע.—אלס וואָס?—אלס אסטראָנאָם.

— זײַט איר, הייסט עס, אנ אסטראָנאָם?—פרעגט טאניע איבער אביסל פארכי־דעשט.

— יאָ, אנ אסטראָנאָם—ענטפערט דער אסטראָנאָם.

א רעגע שווײַגנ זיי בײדע, דערנאָכ האלט טאניע ניט אויס און טוט א זאָג:

— ווערליק איכ שטעל מיכ פאָר, דארפ בא אײַכ זײַנ זייער אנ אינטערעסאנטע פראָפעסיע.

— יאָ, איר האָט קיינ טאָעס ניט—ענטפערט דער אסטראָנאָם.

— איכ שטעל מיכ גאָר ניט פאָר—זאָגט טאניע—וואָס זשע קאָנקרעט טוט א גאנצנ טאָג אנ אסטראָנאָם?

— וואָס זאָל מענ טאָנ?—ענטפערט דער אסטראָנאָם—געאָלאָגנ, ווי באוווּסט, קוקנ אינ דער ערד און מיר אסטראָנאָמענ—אינ הימל.

— דאָס ווייס איכ—זאָגט טאניע—אז איר קוקט אינ הימל, אָבער א גאנצנ טאָג קוקט מענ אינ הימל?

— אמאָל א גאנצנ, אמאָל א האלבנ טאָג און אמאָל אינגאנצנ ניט. ווי סע מאכט זיכ.

— דורכ ספּעציעלע שפּאקטיוונ אוואדע?

— יאָ, דורכ שפּאקטיוונ.

— וואָס זשע זעט מענ דאָרט אינ הימל?

— וואָס זעט מענ? די לעוואָנע זעט מענ, די שטערנ און אמאָל, אז ס׳א ליקע־כאמע, זעט מענ די זונ אויכ.

— נו, אינטערעסאנט?

— זייער! אז מיר וועלנ זיכ באזעצנ אינ אָפּרו־הויז, וועל איכ אײַכ אביסל באקענעג מיט אונדזער אינינג. איכ פיר מיט זיכ אייניקע אפּאראטנ.

— יאָ, איכ וועל אײַכ זײַנ זייער דאנקבאר—ענטפערט טאניע.

מע איז געקומענ אינ אָפּרו־הויז, אָפּגעווײַנט א פּאָר טעג און אונדזער אסטראָנאָם האָט אָנגעהויבנ פירנ טאניענ אינ די בערג, לאָזט איר קוקנ דורכ זײַנע לאנגע שפּאק־טיונ אפ דער לעוואָנע, אפ די שטערנ און טאניע ווערט צעשמאָלענ פאר פרייד.

דארפ זיכ אָבער מאכנ, אז אינ איינעם א שיינעם אפדערנאכט זאָל אינ אָפּרו־הויז פאָרקומענ א קאָנצערט, און אזוי ווי טאניע זיצט מיטנ אסטראָנאָם זאָל זיכ נעבנ איר רעכטס צוזעצנ א באָכער, און דער באָכער האָט א קוק געטאָנ אפ טאניענ און דאָס מיידל איז אים דאפּקע געפעלנ געוואָרנ. פּרוּווט ער אפילע מיט איר פארפירנ א שטיקל געשפּרעכ, נאָר קיינ געשפּרעכ קלעפּט זיכ ניט.

א רעגע זיצט מענ שווײַגנדיקערהייט, דערנאָכ טוט דער באָכער פּלוצים א זאָג:

— א שיינער אָוונט. אינ אזא אָוונט איז זייער גוט צו באטראכטנ די שטערנ.

— איר זײַט דענ אנ אסטראָנאָם?—קוקט זיכ שוינ טאניע אום אפנ באָכער.

— א שטיקל שײַכעס האָב איכ דערצו—ענטפערט דער באָכער.

— אינטערעסאנט,—זאָגט טאניע און ווענדעט זיכ צום אסטראָנאָם: נו באקענט זיכ.

— זייער אנגענעם—ענטפערט דער אסטראָנאָם און שטרעקט אויס דעם באָכער א האַנט—מארטין פּראָקאָפּיטש זאָוליא. און ווי רופט מען אײַך?
— מישא גאָלובטשיק—ענטפערט דער באָכער.
— אָטשען פּריַאטנאָ, גאָלובטשיק.
— עפשער וועלן מיר זיך גיין אביסל דורכשפּאצירן?—זאָגט שוין מער דרייסטער דער באָכער—אין אזא נאכט דארף מען נאָר קוקן אַפ די שטערן. ווען איך האָב די ספּעציעלע שפּאקטיוון, וואָלט איך גאַנצע נעכט נאָר געקוקט אַפ די שטערן...
טאניע האָט א קוק געטאָן אַפ לינקס, אַפן אסטראָנאָם, הייסט עס, דערנאָך אַפ רעכטס, אַפן נײַעם אסטראָנאָם, הייסט עס, און האָט א שמייכל געטאָן.
— נו קומט, וועלן מיר זיך א ביסל דורכשפּאצירן.
אז מע איז ארויסגעגאנגען אינדרויסן, האָט דער אסטראָנאָם זייער העפלעך א פרעג געטאָן: „מע מעג, האָט טאניע געענטפערט „ביטע" און דער אסטראָנאָם האָט זי גענומען אונטערן אָרעם, לינקס. דער באָכער איז שוין געווען מער דרייסטער און האָט זי גלײַך אָן שום פראגעס גענומען אונטער אָרעם רעכטס.
— א וווּנדערלעכע נאכט!—זאָגט דער אסטראָנאָם—איר פילט, טאניטשקע, ווי סע שמעקן די מאגנאָליען?
— וואָס מיר מאגנאָליען!—רופט זיך אָן דער באָכער—זעט בעסער סאָ'רא שטערן אין הימל!
ווייסט טאניע ניט וועמען צו ענטפערן.
נאָכן שפּאציר געזעגענען זיי זיך ביידע מיט טאניען און גייען אהיים. גייען זיי, פרעגט דער באָכער:
— פון וואַנען זײַט איר, אנטשולדיקט פארן פרעגן?
— פון לענינגראד—ענטפערט דער אסטראָנאָם.
— ווו ארבעט איר דאָרט?
— אין פולקאָווער אָבסערוואטאָריע.
— זײַט איר טאקע, באקומט זיך, אן עמעסער אסטראָנאָם?
— יאָ אן אסטראָנאָם.
— זאבאוונאָ—זאָגט דער באָכער.
— און איר ווער זײַט?—פרעגט דער אסטראָנאָם.
— איך ארבעט לויט דער סיסטעם פון שפּײַז־אינדוסטריע.
— אלס וואָס?
— אלס קעכער.
— טאָזשע זאבאוונאָ!—ענטפערט דער אסטראָנאָם. זײַנען מיר דאָך ווידער קאָלעגן.
— וואָס הייסט?
— אָט דאָס הייסט—ענטפערט דער אסטראָנאָם. פינעף יאָר בין איך געווען א קעכער אין א גאָרקיכ, דערנאָך האָט מען מיך געשיקט לערנען און איצטער בין איך אן אסטראָנאָם.
— אָפּיאט זאבאוונאָ!—ענטפערט דער קעכער—איך ארבעט שוין אויך פינעף יאָר אלס קעכער און טרוים אויך ווערן אן אסטראָנאָם.
— הייסט עס, אז איר וועט ווערן.

און זיי געזעגענען זיך און צעגייען זיך.

אפ מאָרגן נאָך דער וועטשערע, טאניע גייט נאָר ארויס פון עסצימער, וואַרט שוין אפ איר דער אסטראָנאָם מיט א שפאקטיוו אונטער דער האנט.

— איר האָט כיישעק גיין אין די בערג קוקן אפ דער לעוואָנע?

— קומט—ענטפערט טאניע.

זיי גייען אָפ עטלעכע טריט, יאָגט זיי אָן דער קעכער.

— גוט אָוונט, קאָן איך צושטיין צו אייַער קאָמפאניע?

— ביטע—ענטפערט טאניע—מיר גייען פונקט קוקן אפ דער לעוואָנע. איר ווילט גיין מיט אונדז?

— מיטן שענסטן פארגעניגן—ענטפערט דער קעכער.

גייען זיי שוין אין דרייַען.

איצטער אזוי ווי זיי גייען זיך פאוואָליע אין דרייַען, וועלן מיר זיי אייַך געבן אפ גיך א מאָל אָפ.

וואָס איז שייַעך דעם אסטראָנאָם, מוז איך אייַך א פריִער אויסזאָגן א שטיקל סאָד: דער אסטראָנאָם איז נאָך געווען א באָכער, ס'הייסט פארהעלטנמעסיק ניט קיין שטארק אלטער באָכער—37 יאָר אלט סאכאקל—אָבער דאָך א באָכער און דערצו נאָך א לאנגער און א דארער. דאָס ביסל פעטס, וואָס ער האָט אָנגעזאמלט אמאָל אלס קעכער, איז ווי פארשוווּנדן מיטן רויך. ער האָט געטראָגן א שווארצן ווייכן קאפעליוש און ברילן. אזוי ווי ער פארנעמט זיך העכער 8 יאָר מיט הימל־זאכן, פארגעסט מען אמאָל צובינדן ווי ס'דארף צו זייַן א זאָק, פארשנירעווען אקוראט א שוך און נאָך אזעלכע קליינלעכע ערדישע זאכן. דערפאר איז דאָס אָבער געווען א מענטש זייער א אינטעליגענטנער און א שטארק סימפאטישער. א דימענט.

דער קעכער, פארקערט, איז שוין א העלד גאָר פון אן אנדער אָפערע. אפן ערשטן אָרט שטייט נאָך דערווייַל בא אים די אכילע. דעריבער האָט ער טאקע געהאט לויטערע בעקלעך און הארטע. אלט איז ער געווען א יאָר 20, פון פאָרנט א גלאנציק טשוביקל, א פריילעך טשוביקל, וואָס גיט אייַך אָנצוהערן, אז קיין גרויסע וועלט־דייַגעס מאטערן נאָך ניט דעם באָכער. ס'נעזל אביסל פאריסן, דאָס גענגעלע א רויִקס—ער האָט צייַט. אויגן קליינינקע—קוים וואָס מע זעט זיי ארויס פונעם גרויסן פעטן פאָנים.

נו, און טאניע א ייִדיש מיידל פון דראזשנע, א מיידל פון 20 יאָר, א סעקרעטאר פון א קוסטארנ־ארטעל. א מיידל ניט קיין מיִעס—שווארצע ברענענדיקע האָר, קארע אויגן, א גלייַכע געטאָקטע נאָז און ווּקסיק און פייַן. אָבער קיין וועלט האָט זי נאָך נים געזען, און פארוואָס זאָל זי ניט טראכטן כאסענע האָבן און ווינען אין א גרויסער שטאָט און יאָ אָנקוקן א וועלט? כאסענע האָבן האָבן איר נאָך די נייַע באקאנטע נים פאָרגעלייגט. עמעס, דער קעכער האָט איר איינמאָל א זאָג געטאָן אביסל פארשטעלט, אז ווען ער האָט כאסענע מיט אזא מיידל, ווי זי, וואָלט ער זי קוידעמקאָל אביסל פאָפּראוועט.

— מיט מייַן פארנאָסע,—האָט דער קעכער געזאָגט—קאָן מען ניט פארפאלן ווערן. אויב מען דארף, שטעל איך זיך באם טאָפּ. און אויב ניט ווער איך אן אסטראָנאָם, דאָס איז מייַן טרוים און איכ'ל מייַן טרוים פארווירקלעכן.

דער אַסטראָנאָם האָט גערעדט מער פֿאַרשטעלטער:

— לענינגראַד! פּולקאָװער אָבסערוואַטאָריע! גאַלילײ! קאָפּערניק! איר װײסט ניט, טאַניע, װיפֿל װוּנדער עס איז פֿאַראַן אין אַסטראָנאָמיע!

און טאַניע האָט זיך ערנסט פֿאַרטראַכט. זי האָט אַפֿילע אָנגעשריבן אַהײם דער אַלטער מאַמען אַ בריװל, אַז זי פֿאַרברענגט דאָ זײער גוט די צײַט און זי האָט זיך דאָ באַקאַנט מיט אײנעם אַ װױלן באָכער, װאָס אַלײן איז ער אַ קעכער און װילן װיל ער זײַן אַן אַסטראָנאָם און מיט אַן אַסטראָנאָם, װאָס פֿריִער איז ער געװען אַ קעכער און אַ דאַנק דער ראַטנמאַכט איז ער פֿון אַ קעכער געװאָרן אַן אַסטראָנאָם. האָט איר די מאַמע געענטפֿערט: „װאָס טױג מיר טאָכטער־לעבן דײַנע סטראָנאָמען־שנאָמען, װאָס אַמאָל זײַנען זײ געװען קעכערס און דײַנע קעכערס, װאָס דאַרפֿן ערשט װערן סטראַנאָ־מען־שנאָמען. װאָס איך װײס אַפֿילע ניט מיט װאָס מע עסט עס. פּאָלג מיך, טאָכטער, און זוך זיך שענערע גליקן...‟ נאָר װאָס װײסט אַן אַלטע ייִדישע מאַמע? און אונדזער טאַניע האָט זיך ערנסט פֿאַרטראַכט.

געטראַכט האָט זי אַזױ:

פֿאַרן אַסטראָנאָם, אױב ער װעט איר אַפֿילע פֿאַרלײגן, װעט זי ניט קאָסטן האָבן איבער אײן סיבע, װײַל ער איז שױן אַביסל אַלט. כאָטש צוריק גערעדט, איז װען זי האָט קאָסטן מיטן אַסטראָנאָם, װאָלט דראָזשנע געװאַן כאַדאַראָם. פֿאַר װעמען, בײלע,— װאָלט מען געפֿרעגט בײַ איר מוטער,—האָט עס קאָסטן געהאַט אײַער טאָכטער. פֿאַר אַ סטראָנאָם? נו װאָס זשע װילט איר, איר האָט דאָך שױן אַזאַ אײדעם, װאָס אַז איר װעט װעלן װעט ער אײַך אַפֿילע דערלאַנגען דאָס טעלערל פֿון הימל...‟ נו, און דער קעכער? אױב זיך גוט אײַנטראַכטן, קאָן דאָך דער קעכער אױך װערן אַן אַסטראָנאָם. נאָר נײן... זײַן טשוביקל, אָט דאָס צו פּרײליכע טשוביקל געפֿעלט איר עפּעס ניט איבעריק‟... און זי האָט באַשלאָסן נאָך אַביסל אַ טראַכט טאָן.

ס'איז געבליבן נאָר פֿינף טעג צו זײַן. מע דאַרף שױן באַלד פֿאָרן אַהײם. דער אַסטראָנאָם איז געװאָרן מער שװײַגנדיקער. און אײנמאָל, װען זײ זײַנען געשטאַ־נען אין די בערג, האָט ער איר אַפֿילע געגעבן אָנצוהערן, אַז ער װעט קומען אַהײם און װעט קוקן אין הימל אַרײַן, װעט ער שױן דאָרט זוכן אַ נײַעם שטערן—איר, װעט ער זוכן, טאַניען...

— און טאָמער װעל איך גאָר זײַן מיט אײַך?—האָט טאַניע אַ זאָג געטאָן.

— װעל איך פֿאַרשפּאָרן זוכן—און דער אַסטראָנאָם האָט צום ערשטן מאָל פֿאַר זײַן זײַן דאָ אין אָפּרו־הױז אַ שמײכל געטאָן...

— איר װײסט װאָס?—האָט טאַניע אַ זאָג געטאָן—איך האָב באַשלאָסן.

דער אַסטראָנאָם שײַנט.

— איך האָב באַשלאָסן מיר זאָלן זיך אַ ביסל איבערשרײַבן און דערנאָך...

— גוט, איך בין מאַסקים, ענטפֿערט אַ ביסל טרױעריק דער אַסטראָנאָם.

— און דערנאָך װעלן מיר זען... פֿאַרענדיקט טאַניע.

און דער אַסטראָנאָם איז אַװעקגעפֿאָרן.

אַז דער אַסטראָנאָם איז אַװעקגעפֿאָרן, האָט נאָך דער קעכער באַ זיך ערגעץ טיף אין האַרצן געװאָרעמט אַ שטיקל האָפֿענונג. אין טאָג פֿון אַװעקפֿאָרן האָט טאַניע גע־זאָגט צום קעכער:

— איר װײסט, גאָלובטשיק... איך האָב באַשלאָסן...

דערהערט דאָס וואָרט „באַשלאָסן“ האָבן באַם קעכער אַזש אָנגעהויבן פלאַמען די בעקלעך און דאָס פריילעכע טשוביקל זײַנס האָט זיך שיר ניט געלאָזט אין א טענצל...

— גיט מיר אײַער האַנט, טאַניע—האָט געזאָגט דער קעכער.

— נאַט אײַך מײַן האַנט... נאָר ווייסט איר וואָס איך האָב באַשלאָסן?.. איך האָב באַשלאָסן, אַז לאָמיר זיך אפריער אביסל איבערשרײַבן... און דערנאָך...

— גוט. האָט געענטפערט דער קעכער.—זאָל זײַן אַזוי. איך קען צוווארטן.

— און דערנאָך וועלן מיר זען—האָט טאַניע פאַרענדיקט.

אַף מאָרגן האָט איר גאָלובטשיק דאַפקע באַגלייט צו דער שיף. טאַניע איז מיט א שווער האַרץ אַוועקגעפאָרן אַהיים, קיין דראַזשנע. נאָר אַז זי איז שוין געקומען צוריק אין שטעטל און האָט זיך דערמאָנט, וויאַזוי זי האָט געקלעטערט מיטן אסטראָנאָם אַף די וווּנדערלעכע קרימער בערג און ס'איז איר אופגעשווומען אין זיקאָרן דאָס פריילעכע טשוביקל פונעם יונגן קעכער, האָט זי אָנגעכאַפט א גרויסע בענקעניש, אָבער אַזא בענקעניש, וואָס איז שווער צו זאָגן נאָך וועמען פון זייביידן מער—נאָכן אסטראָנאָם, צי נאָכן קעכער...

אַזוי, אַז, ליבע לעזער, מיינט ניט, אַז ס'איז אַזוי גרינג צו באַשליסן אַזעלכע פראַגן...

אורי פֿינקעל

# דער פֿירשטלעכער לײַבמעדיקער

(פֿון בוך „מענדעלע מויכער־ספֿאָרים“)

דאָס איז געווען אין אפּרעל כוידעש. א טאָג א וואַרעמער, א פֿרילינגדיקער. די זון האָט מיט אירע שטראַלן געמאַכט א סאָף פֿון די לעצטע שטיקער שניי, וואָס זײַנען נאָך ערגעץ־ווו פֿאַרבליבן אפֿן מאַרק נאָך די פֿרילינגדיקע אָדליגעס. די ערד איז געווען קלעפּיק און ליימיק. וואָלקנדלעך האָבן זיך געשפּיגלט אין די מאַרקיקע קאַליוזשעס.

לעבן איינער פֿון די שענסטע הײַזער אפֿן מאַרק, באַם גאַנעק פֿון כאַיִם־מוישע ברוידעס שטוב, זײַנען געשטאַנען רעדלעך פֿון מענער און פֿרויען, וואָס האָבן זיך געהיצט, גערעדט, געמאַכט מיט די הענט, געשאָקלט מיט די בערד און גערעדט וועגן דעם שווערן געזונט־צושטאַנד פֿונעם כוילע, דעם באַלעבאָס פֿון הויף. אייניקע האָבן גערעדט וועגן די כויוועס, אַנדערע האָבן באַדויערט זײַן גרויסע פֿאַמיליע און אַנדערע האָבן אפֿילע געשאָלטן.

ניט ווײַט פֿון די רעדלעך איז געשטאַנען א קאַרעטע, געשפּאַנט אין פֿיר פֿערד, הויכע, שוואַרץ־גלאַנציקע פּריצישע פֿערד. די פֿערד האָבן געקלאַפּט מיט זייערע פֿאָדערשטע פֿיס איבער דער קויט, אַראָפּנידערנדיק די קעפּ צו די פֿיס צו. דער קוטשער איז געזעסן האָפֿערדיק און בייז. די פּאַווע־פֿעדער אין זײַן קוטשמע האָט זיך ווי געכיינדלט קעגן דער זון. די זילבערנע קנעפּ מיט די קרוינען אף זײַן ליווריי האָבן געשפּיגלט אינעם וואַסער.

אַן אוילעם פּויערים, מעשטשאַניעס, ייִדן, טאַטערן, פֿרויען, מענער און קינדער האָבן זיך אַלץ געשטופּט צו די טרעפּלעך פֿון דער קאַרעטע, אין וועלכער ס'איז קיינער ניט געזעסן.

יעדערער פֿון זיי האָט געהאַט א באַשטימטע קרענק. עס זײַנען געווען קאָלטענע־וואטע, פֿאַרכעוואַטע, קרעציקע, הינקעדיקע און הויקערס. דאָס האָבן זיי זיך גערוקט נענטער צום אַרײַנגאַנג אין קאַרעטע פֿונעם גרויסן דאָקטאָר באַם דוקעס אין הויף, וואָס איז געקומען הײַנט, שאַבעס, צו דעם שווערן כוילע כאַיִם־מוישע ברוידע.

מע האָט זיך געשטופּט צו דער קאַרעטע, געשאָלטן דעם קוטשער, וואָס פֿלעגט צולאָזן צו די טרעפּלעך פֿון קאַרעטע און באַלד אָפּשאָרן, איבערלאָזנדיק דעם האַמוין הינטער זיך. און פּלוצלינג האָט זיך ברייט אַן עפֿן געטאָן די טיר פֿון כאַיִם־מוישע ברוידעס שטוב.

אפנ גאנעק איז ארויס א הויכער, פעטער, ברייטפלייציקער מענטש מיט אנ אומגע־הויער גרויסנ אונ אראָפהענגענדיקנ בויכ, א מענטש אינ די זיבעציקער.

זײַנ פעטער, צעשוווּמענער פאָנעם איז געווענ געגאָלט. אפנ קאָפ איז בא אימ גע־ווענ אָנגעטאָנ א הויכער סויבלנער שטרײַמל. זײַנע וואסערדיקע אויגלעכ האָבנ גיכ גע־פינטלט. פונ זײַנ צעשפּילעטנ פיקסענעמ פוטער האָט זיכ ארויסגעזענ א קורצער ראָק אונ אינ די פאָלעס אײַנגעוועבטע לאנגע ציצעס. דאָס איז געווענ דעמ הויפישנ שנײַדערס איידעמ, ראדזיווילס לײַבמעדיקער, דער דאָקטאָר שמועל קושעלעווסקי.

ער איז געווענ א פארברענטער ליובאוויטשער כאָסיד אונ מאסקיל דערצו, האָט גע־שריבנ אָדעס פאר פוילישע מאגנאטנ אינ העברייִש, פראנצויזיש אונ פויליש. דער רעבע האָט אימ דערלויבט גאָלנ די באָרד אונ פאָרנ אומ שאבעס.

באלד האָט דער גאנצער אוילעמ א שפאר געטאָנ פונ קארעטע צומ גאנעק. קושע־לעווסקי האָט זיכ געוואָרפנ, געשטופט זיכ מיט די הענט, געטופעט מיט די פיס, גע־שריִענ אפ אלעמענ, אונ יעדער איינער האָט זיכ אלצ מער געשטויסנ צו אימ, געבעטנ א מיטל צו זײַנ קרענק.

פויערימ אונ פויערטעס זײַנענ געפאלנ אפ די קני, געקושט אימ די שיכ, ביז ער האָט זיכ מיט קוילעס ארויסגעריסנ פונ זיי אונ אױעקגעזעצט זיכ אינ קארעטע. ער האָט געשריבנ רעצעפטנ אונ געוואָרפנ אינ האמוינ. אונ אזוי האָבנ קאָלטענעוואטע געקראָגנ א רעצעפט פאר קאליקע, קרעציקע—א רעצעפט פאר קאָלטענעוואטע א. ד. גל., קײַקלענ־דיק זיכ אפ דער ערד, כאפנדיק די רעצעפטנ, האָט זיכ דער אוילעמ עטוואָס דערווײַטערט פונ קארעטע.

קושעלעווסקי האָט א וווּנק געטאָנ צומ קוטשער אונ די פערד האָבנ זיכ אוועק־געטראָגנ צומ שול. ער איז אוועקגעפאָרנ דאווענ מינכע. אינ שול האָט ער געזאָגט: די ליכט גייט אויס...

## דער צעשטערטער שידעכ

אָנ דער זײַט פונ די געסלעכ, הילצערנע הײַזקעס, וואָס שפארנ זיכ אָנ איינע אפ דער צווייטער, אינמיטנ פונ א פלאצ, באוואקסנ מיט גראָז אונ פאָלינ, שטייט רעב יוינעס הויפ.

ער איז ארומגעצאמט מיט א געמויערטנ פארקנ, אָט דער הויפ, אונ עס פירנ אינ אימ דעמבענע בראָמענ פונ אלע זײַנע פיר זײַטנ. אינמיטנ דעמ הויפ שטייט רעב יוינעס געמויערטער פאלאצ. די ווענעציִאנישע פענצטער פונעמ פאלאצ, וואָס אזוינע זײַנענ נאָר פאראנ אינ דער גרויסער קאלטער סלוצקער שול אינ אינעמ קאטוילישנ קלויסטער, קוקנ שטרענג אפ דעמ בראנפנ־ברויז, אפ דעמ ביר־ברויז, אונ אפ די שפײַכלערס.

אינ רעב יוינעס הויפ איז א שטענדיקער געטומל אונ הו־הא. מע טרײַבט דעמ „זאַ־טאָר" אינ די ברײַזער אונ טאָג אונ נאכט ציִענ זיכ פורנ מיט קופערנע פעסער ספירט־טעס. עס פאָרנ די פורנ, עס פירנ די פורנ דורכ די טויערנ פונעמ געמויערטנ פארקאנ אינ שטאָט ארײַנ אונ אויסער דער שטאָט, אינ די נאָענטע שטעטלעכ אונ דערפער בארג־ארופ אונ בארג־אראָפ דעמ ביטערנ טראָפנ אפ צו פארשיקערנ דעמ פויער אונ האָרע־פאשניק.

זעקעלעך גילדנס און רענדלעך קומען צו רעב יוינען אין פאלאץ, אין די קאמער־קאמערלעך זײַנע. און רעב יוינע דאנקט דערפאר גאָט: ער האָט אן אייגענעם בעסמעדרעש אפן הויף און ער דינט צו דעם גאָט פון ייִדישן האנדל־קאפיטאל מיט דער טוירע. אָבער ניט ער זעלבסט דינט עס.

ער אליין וועט בעסער זאמלען די רענדלעך אין שראנק און אפ דינען גאָט דינגט ער אנדערע. זאָלן זיי לערנען און דינען אים. לערנען טאקע בא רעב יוינען אין בעסמעדרעש צען מאן „אויסדערוויילטע". אלע זיי זײַנען שוין באוויַבטע מיט קינדערלעך א טוץ ערגעץ אין די שטעטלעך פון ווײַסרוסלאנד.

רעב יוינע איז געבענטשט מיט גאָלד און מיט זילבער, מיט זײַדנס און מיט פוטערווארג, מיט ברויט און מיט וויַן. אויך מיט קינדער איז געבענטשט רעב יוינע. זיי זײַנען געשיקט אין אלע כאָכמעס און וויסנשאפט: אין דײַטשעריש, פראנצויזיש, אין „פריצישן פויליש" און אפילע אין רוסיש. ער האָט ספּעציעל אראָפּגעבראכט פאר זיי לערער פון אויסלאנד.

איין טאָכטער נאָר איז בא רעב יוינען ווי א בעלמע אפ זײַן אויג. עס האָט אים מיט איר ניט געגאָלטן. דאָס איז זײַן טאָכטער פייגל. זי איז קליינוווקסיק, ניט אזוי געשיקט ווי אירע שוועסטער און ברידער. זי האָט גאָר מאָדנע קליינע אויגעלעך, וואָס שטייען קרום און קוקן קוים ארויס פון איר ברייטן דיקן פּאָנעם. מע האָט זי אין שטאָט טאקע דערפאר גערופן „די קליינע אויגעלעך". זי האָט אפילע אויך געלערנט אין דײַטשעריש, אין פראנצויזעריש, אָבער זי איז שוין באלד בא נײַנצן יאָר און זיצט נאָך אלץ א מיידל. לאנד־שאדכאָנים האָבן געבראכט כאסאנים פון ווילנע און פון מינסק, פון סלאָנים און פון פינסק און ניטאָ קיין באלן אפ „די קליינע אויגעלעך".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין א פּאָר כאדאָשים, אז שאָלעם־יאנקעוו איז פון דער סלוצקער יעשיווע אוועק אין „הויף" ארײַן. ער לערנט שוין איצט ניט מיט אזוינע ייִנגלעך אָרעמבאָכערים, ווי ער, מיט זײַן גלײַכן. ער איז שוין איצט איינער פון די צען „אויסדערוויילטע", וואָס לערנען באם סלוצקער גוויר רעב יוינע אין בעסמעדרעש.

רעב הירש דער איוועניצער פּאָרעש, איז הײַנט געקומען אין בעסמעדרעש א פריילעכער. מיט דער לינקער דיקער ווײַסער האנט זײַנער האָט ער א צופרידענער געגלעט איבער זײַן שווארצער באָרד און געצויגן זי אין מויל ארײַן.

— איַ, האָב איך דאָס ארײַנגערעדט מיט אים,—האָט ער א פּאטש געבנדיק מיט דער רעכטער האנט איבערן שטענדער און א פיר טוענדיק מיט זײַנע שווארצע אויגן, געזאָגט צו א צווייטן פּאָרעש מיט רויטע פּעטע ליפּן און מיט שטענדיק פארטערטע אויגן.

— וואָס? טאקע וועגן דעם יאָסעם? טאקע וועגן דעם שידעך מיט פייגלען? גאנץ וויל, טאקע א גרויסע מיצווע.

— זײַן ליבער נאָמען זאָל זיך מיִען. די אייגענע מײַסע טאקע. איך האָב אים געזאָגט, אז עס איז ניט קיין גרויסער טארבוס, אז רעב יוינע זאָל זיך מיסכאטן זײַן מיט אן אָפּגעקומענער קאפּוליער אלמאָנע. אָבער... דער אויבערשטער האָט מיר טאקע ארײַנגעגעבן א רײַען. זאָג איך: זי איז דאָך שוין א בסולע אין די יאָרן. מיילע בעקיצער, ס'איז רעכט געוואָרן. זאָל זײַן מיט מאזל,—האָט רעב הירש געזאָגט און ארײַנגערוקט דעם גראָבן פינגער זײַנעם ווײַט אונטערן קאָלנער.

פון דעמאָלט אָן האָבן אלע צען אויסדערוויילטע געקוקט אף שאָלעם־יאנקעוון שוין גאָר מיט אנדערע אויגן ווי פריִער, געסטארעט זיך אויסצונעמען בא אים.

שאָלעם־יאנקעוון האָט מען דערציילט וועגן דעם אלץ נאָר אפן ווונק. רעב הירש האָט זיך געפילט נאָכמער באלעבאָס ווי פריִער צווישן די פרושים. ער האָט איצט באם אָפענעם פאָליאנט נאָכמער ווי אלעמאָל גערעדט צו זיך אליין, געמאכט מיטן קאָפּ א צופרידענער און אלץ ארויסגערעדט פאר זיך אליין:

— טאקע באלד נאָך פייסעך מאך איך זי כאסענע מיט א וויל לערנער; וואָס איז דער טאכלעס צו זיצן. געסיע, זאָל געזונט זײַן, די יינגערע טאָכטער מײַנע, איז דאָך שוין אויך א מיידל, וואָס דארף שטיין אין שידוכים און אוואדע און אוואדע די עלטערע.

דאָס האָט ער אלץ פאר זיך גערעדט, וואָס ער וועט טאָן מיט דעם שאדכאָנעס־געלט, וואָס ער וועט באקומען פון דעם סלוצקער נאָגיד רעב יוינע.

די איבעריקע עלטערע פרושים האָבן ניט פארגונען רעב הירשן דעם גליק, זײַן גרויסן פארדינסט, וואָס איז אים פאָרגעשטאנען. און יעדערער האָט זיך געסטארעט מיט עפּעס צו באגיסיקן סײַ שאָלעם־יאנקעוון, סײַ רעב הירשן, זיי זאָלן זיי אויך כאָטש עפּעס געבן שאדכאָנעס.

שאָלעם־יאנקעוו האָט אָבער אף קלאָר ניט געוווּסט, מיט וועמען, אייגנטלעך, מע רעדט אים דעם שידעך. ער האָט זיי קיינמאָל ניט געזען, רעב יוינעס טעכטער. ער האָט אפילע קלאָר ניט געוווּסט, אז דאָס רעדט מען אים רעב יוינעס א טאָכטער. ער האָט נאָר געהערט פון די פּאָרושים: „א שידעך,—א שמאלץ־גרוב, ביסט געבוירן אין א העמדעלע".

ס'איז געווען א ווינטערדיקער אָוונט. דער פראָסט האָט געקנאקט. ער האָט אלץ מער און מער געוועלטיקט איבער די שמאָלע סלוצקער געסלעך מיט זייערע הילצערנע הײַזקעס, האָט ארויסגעטריבן די אײַנוווינער זייערע פון איין צימער אינעם צווייטן, פון איין הײַזקע אין דער צווייטער זיך דערווארעמען איינער באם צווייטן.

אין רעב יוינעס בעסמעדרעש האָט הײַנט, ווי אין אלע ווינטערדיקע אָוונטן, געקנאקט א העלער פלאַם אין דער גרויסער קאכלנער אויוון, און האָט פארשפּרייט ארום זיך א גדיכטע ווארעמקײַט. און די פּאָרושים האָבן זיך געקראצט אונטער די יארמעלקעס, געפּאָכעט מיט די קליאפּעס פון די קאפּטנס.

רעב הירש האָט הײַנט נאָכמער ווי אלעמאָל געקראצט די באָרד זײַנע פונוגטן דער געמבע און האָט אלץ געגלעט די אויסגעקראָכענע גאָמבע זײַנע. ער האָט צוגערופן שאָלעם־יאנקעוון צו זיך און האָט אים פארטרויט וועגן דעם שידעך, וואָס מע רעדט אים און וועגן דער קאלע, וואָס מע רופט זי פייגל.

— הײַנטיקן שאבעס וועסטו האלטן בא רעב יוינען אין שטוב; וועסט געפעלן ווערן רעב יוינען און זײַן פלוינעסטע, וועט מען קומענדיקע וואָך אוועקשיקן א פאָר פערד נאָך דײַן מאמע אין קאפּוליע, שרײַבן טנאָיִם און ברעכן טעלער.

שאָלעם־יאנקעוו האָט די גאנצע נאכט געטראכט אלץ וועגן דער קאלע. עס האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, אז די קאלע האָט פונקט אזוינע אויגן, פונקט אזוינע שווארצע צעפּלעך, ווי פראדל, וואָס פלעגט זיך מיט אים, מיט זײַן כאוור בענצע און נאָך מיט יינגלעך און מיידלעך שפּילן אין באהעלטעניש און זשמורקעס.

זי וועט אים אויך, די קאלע, פארבינדן זײַנע אויגן מיט איר מומעס שאבעסדיקער טוך גלײַך ווי פראדל, וועט זיך לאָזן לויפן מיט אים איבערן פלאצ און נאָכדעם פלוצים

אים א כאפ טאָג מיט אירע ווייכע הענטלעכ. אונ עס וועט אים אויכ ווי דעמאָלט עפעס דורכנעמענ אזא געפיל, עפעס ניט אזא, ווי בענצע וואָלט אים אָנגעכאפט מיט זײַנע הענטלעכ.

אונ צו די כאלוימעס וועגנ פראדלענ פלעגט נאָכ צוקומענ רעב יוינעס קארעט, רעב יוינעס קארעט אײַנגעשפאנט אינ די פיר שיינע גלאנציקע שווארצע פערד מיט ווײַסע לאטעס אפ זייערע פיס.

אָט פאָרט ער אינעם קארעט, לעבנ אים זיצט זי, די קאלע זײַנע, אָט אזא ווי פראדל אונ ער פאָרט אפ דער ארופ־ב ארג־גאס אינ קאפוליע. זײַלנ שטויב דרייענ זיכ פונ אונטער די פיס פונ די פערד אונ צעלייגנ זיכ איבער די דעכער, אונ קינדער לויפנ אנטקעגנ דעמ קארעט אונ צווישנ זיי בענצע, ער שטעלט זיכ אָפ, נעמט ארופ די קינדער צו זיכ אינ קארעט. ס׳איז פריילעכ. מע פאָרט אונ מע פאָרט ביז ער קומט אפנ מארק לעבנ זײַנ מאמעס שטוב, אנטקעגנ אײַזיק דעמ שמידס קוזניע.

עטלעכע טעג ביז דעמ נאָענטנ פרײַטיק איז ער אלצ ארומגעגאנגענ א פארכאָלעמטער מיט פראדלס הענטל אפנ אקסל...

רעב הירש, דער איווענעצער פאָרעש, איז אויכ ארומגעגאנגענ אנ אופגערעגטער אונ א פארכאָלעמטער. עס שטעלט זיכ אים פאָר: אָט רופט אים רעב יוינע ארײַנ צו זיכ אינ זײַנ קאָנטאָר—זיצט, רעב הירש,—זאָגט צו אים רעב יוינע. איכ וועל אײַכ, רעב הירש, ניט קריוודענ. זאָגט, רעב הירש, איר וועט דאָכ, מיסטאָמע, קיינ פאריבל ניט האָבנ אפ מיר, אז איכ וועל אײַכ געבנ א פאפיר צומ איווענעצער פאָרעצ, מע זאָל אײַכ ארײַנפירנ געהילצ אפ א נײַער שטוב.—רעב הירשנ גיט א ציטער דאָס הארצ:—סטײַטש, גאָט איז מיט אײַכ, רעב יוינע, די שטוב מײַנע איז נאָכ א גאנצ גוטע. ערשט אינגאנצנ צענ יאָר פאר מײַנ כאסענע האָט זי דער שווער מײַנער אויסגעבויט, אינגאנצנ א יאָר דרײַסיק. איכ האָב, זאָלנ געזונט זײַנ, צוויי בסולעס, רעב יוינע, אונ עס ווילט זיכ האָבנ אנ איידעמ א פײַנעמ אונ דערלעבנ אייניקלעכ.

אונ ווידער שווימט ארויס פאר אים רעב יוינע אינ זײַנ קאָנטאָר.

— האָט קיינ פאריבל ניט, רעב הירש, זאָגט רעב הירש צו זיכ אליינ—איר האָט באַ מיר צוויי מאָל קאנ אונ מאכט כאסענע אײַערע טעכטער.

— געזונט זאָלט איר זײַנ, רעב יוינע,—זאָגט ווידעראמאָל רעב הירש פאר זיכ אונ גיט א רוק זײַנ גראָבנ פינגער אהינטערנ קאָלנער,—איר האָט מיר גאָר מעכײַע געווענ. האָט טאקע נאכעס פונ זיכ, פונ אײַערע קינדער אונ פונ קאָל יִסראָעל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כיענע די קעכנ איז הײַנט ארומגעלאָפנ איבערנ קיכ נאָכמער פארפאליעט, ווי אלע פרײַטיק.

— אזא הוטשארניע... אזא אוילעמ־פרעסער... דעמ גאנצנ בעסמעדרעש פרושימ אָנקאָרמענען. לויפ גיכער צומ שויכעט, זאָל ער קוילענענ די הינער,—האָט כיענע אויסגעשפרייט אירע דיקע אָרעמס אונ האָט זיכ צעשריִענ אפ מאָטע דעמ מעשאָרעס.—וואָס שטייסטו, וואָס? פליאגע דו איינער! קוילנ זאָל מענ זיי, ליבינקער גאָט, די פרעסער אָנ א מעסער.

א גאנצנ טאָג האָט זי געטאָנ אונ געשריִענ אפ די מענטשנ אינ קיכ. געשאָלטנ אלעמענ אונ זיכ אליינ.

און בא רעב יוינענ אינ פאלאצ איז הײַנט געווענ פריילעכ. פריילעכער פונ אלעמענ איז געווענ אָדל, די ייִנגערע שוועסטער פייגלס. עס עפנט זיכ פאר איר דער וועג און זי וועט טאקע האָבנ איר געגלוסטנ „ברויטי־גאמ״, דעמ לערער זייערנ פונ פרײַסנ מאר־קוסנ. זי וועט פאָרנ מיט אימ אינ קיניגסבערגנ און ער וועט ענדיקנ זײַנ שטודיומ אלס דאָקטאָר־מעדיצינ.

זי האָט הײַנט, ווי קיינמאָל ניט, מיט אזא מינ ערנסט אכטונג געגעבנ איבער די שטוב־מענטשנ, זיי זאָלנ וואָס שענער און וואָס בעסער צוקלײַבנ דעמ עסצימער, אינ יעדער רער פונ די הענג־לײַכטער אָנצינדנ גרויסע ליכט; מע זאָל דערלאנגענ צומ טיש די בעסטע געשיר, אָט יענע, וואָס זיי האָבנ נאָכ פונ זייער זיידנ, אָט יענע פונ די קיניג־לעכע פארפאָר־פאבריקנ, און גערעדט האָט זי דעמ גאנצנ טאָג נאָר דײַטש, געזונגענ דײַטשישע לידער. „די קליינע אויגעלעכ״ האָט זי אלצ געפוצט און געפוצט.

דער איזוענעצער פאָרעש אליינ איז הײַנט מיט שאָלעמ־יאנקעוונ געגאנגענ אינ באָד ארײַנ. ער האָט אימ געריבנ און געשײַערט, אז ער, שאָלעמ־יאנקעוו, האָט שוינ פארגעסנ אינ פראדלס אויגנ. ער האָט אימ אָפּגעשײַערט אפילע פראדלס הענטל פונ זײַנ אקסל. א גאנצנ טאָג איז שאָלעמ־יאנקעוו געווענ אויסגעמאטערט פונ די אָנווײַזונגענ, וואָס דער פאָרעש האָט אימ געגעבנ, וויאזוי צו האלטנ זיכ באמ רײַכנ טיש הײַנט, פרײַטיק צונאכט.

— זאָלסט ניט כאפנ באמ עסנ. מע זאָל ניט זענ, אז דו ביסט, כאָלילע, הונגעריק. נעגידימ האָבנ דאָס פײַנט. זאָלסט ניט כאפנ די פלייש מיט די הענט. דאָס פאסט פאר א גראָבנ יונג. זאָלסט איבערלאָזנ אינ טעלער. פע, אופעסנ די גאנצע טעלער פאסט פאר א זוילעל־וועסייווע. נעגידימ קענענ דאָס ניט לײַדנ. זאָלסט זיכ פירנ ווי אינ דער הייליקער טוירע שטייט געשריבנ ניט געכאפט, ניט געלאפט. נעגידימ האָבנ דאָס האָלט, — האָט ער מיט אימ אלצ ארײַנגעטײַנעט אפ זײַנ בלעכערנער שטימ.

די פרושימ אינ בעסמעדרעש האָבנ זיכ הײַנט געפילט, ווי עמעסע מעכוטאָנימ. מאָטע די גראגע, דער פאָרעש, וואָס האָט גערעדט אפ א הייזעריקנ קאָל, האָט א זאָג געטאָנ צו נאָכ א פאָרעש, ארײַנצײַענדיק דערבײַ א שמעק־טאבעק אינ נאָז:

— וואָס זאָגט איר, א יאָסעמ, דאכט זיכ, א שלימאזל, אָבער צומ שלימאזל דארפ מענ, אפּאָנעמ, אויכ האָבנ מאזל.

די פרושימ האָבנ אלצ געוואַרט, אז עס זאָל וואָס גיכער איבערלויפנ דער קורצער פרײַטיקדיקער טאָג, עס זאָל שוינ קומענ די נאכט, מענ זאָל שוינ אָפּדאווענענ און גייג מיטנ כאָסנ צו רעב יוינענ אינ פאלאצ ארײַנ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די נאכט איז געקומענ. פונ די ווענעציאַנישע פענצטער פונ רעב יוינעס פאלאצ האָבנ דורכ די בלויע, רויטע און געלע שויבנ זיכ געצויגנ און געפלאָכטנ זיכ שטראלנ אפנ שניי. דער גאנצער אוילעמ פרושימ פונ רעב יוינעס בעסמעדרעש מיט שאָלעמ־יאנקעוונ זײַנענ אוועק צומ רעב יוינענ אינ פאלאצ וועטשערע עסנ.

סארווערס טראָגנ זילבערנע פאָלומיסקעס צומ טיש. מע שטעלט פאר יעדערנ טעלער איבער טעלער. צומ טיש פונ רעב יוינעס שטוב זײַנענ געקומענ רעב יוינע און זײַנ ווײַב, די „קליינע אויגעלעכ״ און אירע ברידער. די טעכטער האָבנ הײַנט געגעסנ באזונדער אינ א צווייטנ צימער...

שאָלעם־יאנקעוו האָט געקוקט אפן פאָרעש: וואָס ער וועט טאָן, וועט ער אויכ טאָן. אָבער איינס האָט אים שאָלעם־יאנקעוו ניט געקענט נאָכטאָן. ער, דער פאָרעש, איז געזעסן און האָט אלץ געשאָטן מיט טוירע אפ זײַן בלעכענעם קאָל, אז דאָס ווײַסע פאָנעם זײַנס האָט גענומען רויטלען זיכ.

מיטאמאָל זײַנען בא שאָלעם־יאנקעוון ארויסגעלאָפן פון קאָפ אלע כאלוימעס זײַנע וועגן פראדלס אויגן, וועגן דעם הענטל אירס און אפילע וועגן רעב יוינעס קארעט. ער האָט עפעס אויכ געוואָלט ריידן, ווײַזן, אז ער קאָן אויכ, אָבער דער פאָרעש האָט אלץ בערעדט פאר אים.

פייגל „די קליינע אויגעלעכ" איז געזעסן באם אנדער זײַט טיש און האָט אלץ געקוקט אפ שאָלעם־יאנקעוון, אפ זײַנע גרויסע בלויע פארשעמטע אויגן, אפ דעם שטערן זײַנעם מיט די קײַלעכדיקע שלייפן, אפ דער נײַער יארמעלקע, וואָס איז געזעסן אפ זײַן געגרויזטער קאָפ האָר.

— איינ מאסיכים בעסודע—מע רעדט ניט באם עסן—האָט רעב יוינע ברויגעזדיק א זאָג געטאָן אפ זײַן פעסטער שטים.—עסט, ליבע יידן, און זאָל אײַכ וויל באקומען.

עס האָט אים פארדראָסן אפ זיכ, פארוואָס־זשע זאָל ער עס, רעב יוינע דער גרויסער סלוצקער גוויר, מיסכאטן זײַן זיכ מיט אן אָרעמען באָכער, וואָס עסט בא אים אפן קיכ.

דער אוילעם איז שטיל געוואָרן און האָט זיכ גענומען צו דער סודע.

שאָלעם־יאנקעוו האָט געטאָן אלץ אזוי ווי עס האָט אים פארזאָגט דער איוועגעצער פאָרעש. ער האָט ניט געכאפט און האָט איבערגעלאָזן קימאט א האלבן טעלער.

דער אוילעם האָט אופגעגעסן די ערשטע געריכט, געוואָרט אפ דער צווייטער און מע האָט ווידער געשמועסט און דער איוועגעצער האָט ווידער געשאָטן מיט טוירע אפ זײַן בלעכענער שטים.

די סארווערס האָבן דערלאנגט געבראָטענע הון אפ די טעלער. דאָ האָט זיכ שאָלעם־יאנקעוו דערמאָנט אפ דעם איוועגעצערס פארזאָג וועגן גאָפל. שאָלעם־יאנקעוו האָט געווארט ביז וואנען דער איוועגעצער וועט זיכ נעמען צום עסן. ער האָט דערווײַלע געקוקט אפ די הענגלײַכטער און אפ די ליכט, א קוק געטאָן אפ די בילדער, וואָס זײַנען געהאנגען אפ די ווענט, דאָס האָט זיי רעב יוינע געבראכט פון פרײַסן, האָט אויכ א קוק געכאפט אפ פייגלען און האָט זיכ ווידער דערמאָנט אָן פראדלען, אָן פראדלס אויגן.

דער אוילעם האָט שוין ווידער געגעסן.

— וואָס עסטו ניט, באָכער?—האָט רעב יוינעס ווײַב געזאָגט.—שעם זיכ ניט. זײַ, ווי אין דער היים.

שאָלעם־יאנקעוו האָט זיכ א כאפ געטאָן גלײַכ מע וואָלט אים אופגעוועקט פון א שווערן שלאָף. ער האָט א נעם געטאָן דעם גאָפל, א שטעק ארײַן געטאָן אין דער הינערשער פאָלקע. די פאָלקע האָט זיכ א גליטש געטאָן. ער האָט זי ווידער געוואָלט אָנעמען אפן גאָפל. זי האָט זיכ ווידער א גליטש געטאָן און א ביינדל פון שאָלעם־יאנקעווס טעלער האָט א פלי געטאָן גלײַכ צו רעב יוינען באם אויג און האָט אים פארטשפעט זײַן ברעם.

ס'איז געוואָרן א טומל, א געשריי, פון שכיינעסדיקן צימער זײַנען ארײַנגעלאָפן די איבעריקע טעכטער רעב יוינעס.

רעב יוינע האָט געשריִען און געפּאַטשט מיטן האַנט איבערן אויג. די געסט האָבן געמוזט אופהערן צו עסן. דער איוּוענעצער פּאָרעש האָט שאָלעם־יאַנקעוון א כאַפּ געטאָן פאַרן אַקסל און א טרייסל געטאָן אים.

— סטײַטש, גאַזלען, רעצייעך, ס'איז קײן טערעץ ניט, מיט אקיוון צי ניט מיט אקיוון.

— אוי, פירט אים ארויס פון שטוב דעם גאַזלען, דעם גראָבן יונג,—האָט רעב יוינעס ווײַב זיך צעשריִען אָפּ דעם איוּוענעצער—א האָזע אַביסל פון אַן איוּוענעצער שלעפּער ארײַנצוקריכן מיט די לאַפּטשעס צו רעב יוינען אין זאַל ארײַן און ברענגען א קאַפּולייער פרעסער. גייט, גייט אײַך געזונטערהייט פון דאַנען ארויס.

רעב יוינע איז פון ביינדל ניט בלינד געוואָרן. רעב הירש האָט קײן צוויי מאָל קאָן ניט געקריגן. שאָלעם־יאַנקעוו איז קײן כאָסן ניט געוואָרן. איינער פון די צען באַטלאָנים אין רעב יוינעס בעסמעדרעש איז שוין שאָלעם־יאַנקעוו מער ניט געווען.

---

# דער אורטייל פונ גערישט איז—
# דער אורטייל פונ פאָלק

מיט איינמוטיקער באגיטיקונג האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק באגעגנט דעמ אורטייל פונ דער מיליטערישער קאָלעגיע פונ העכסטנ געריכט איבערנ איניענ פונ די אָנטיילנעמער אינעמ אנטיסאָוועטישנ טראָצקיסטישנ צענטער. אפ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ, אינ די קאָלווירטנ, אפ די אלשטאָטישע מיטינגענ פונ די ארבעטנדיקע האָט זיכ דורכגעקײַקלט א שטורמישע כוואליע פונ פאָלקס־צאָרנ קעגנ די נידערטרעכטיקע רענעגאטנ אונ פארעטער פונ אונדזער היימלאנד, קעגנ די מערדער פונ ארבעטער אונ רויטארמייער, קעגנ די דײַטשישע אונ יאפאָנישע שפּיאָנענ, די אונטערצינדערס פונ דער וועלט־מילכאָמע, וואָס האָבנ ארורדעוועט לויט דער דירעקטער אָנווײַזונג פונעמ פארביסענעמ סוינע פונ פאָלק—טראָצקי. עס איז ניטאָ קיינ צווייפל, אז דער גערעכטער אורטייל פונ געריכט וועט ארויסרופנ די באגיטיקונג בא דער גאנצער פּראָגרעסיווער מענטשהײַט: דער דאָזיקער אורטייל באפרײַט די מענטשהײַט פונ דער באנדע פאשיסטישע הינט, אונטערצינדערס פונ דער וועלט־מילכאָמע, וואָס האָבנ צוזאמענ מיט זייערע פאשיסטישע באלעבאטימ געגרייט דעמ אומקומ פאר צענדליקער מיליאָנענ ארבעטנדיקע.

אינ פארלויפ פונ א ריי טעג זײַנענ אפ אנ אָפענער געריכט־זיצונג פאנאנדערגעקליבנ געוואָרנ פאר די אויגנ פונ דער גאנצער וועלט די פארברעכנס פונ די אָנטיילנעמער אינעמ אנטיסאָוועטישנ טראָצקיסטישנ צענטער, פונ די רענעגאטנ אונ פארעטער פונעמ היימלאנד, שעדיקער, דיווערסאנטנ אונ שפּיאָנענ. אפנ געריכט האָט זיכ אופגעדעקט דאָס עקלהאפטע, שוידערלעכע בילד פונ די אומדערהערטע, מעשונע־ווילדע טראָצקיסטישע מערדערײַענ. דורכ די באווײַזנ פונ די אָנגעקלאָגטע אפנ פּראָצעס איז אופגעוויזנ געוואָרנ, אז דער ערגסטער סוינע פונ פאָלק—יודא־טראָצקי—האָט געפירט אונטערהאנדלונגענ מיט איינעמ פונ די אָנפירער פונ דײַטשישנ פאשיזמ, רודאָלפ העס. דער סוינע פונ פאָלק ל. טראָצקי האָט אינ זײַנע אונטערהאנדלונגענ מיט העסנ צוגעזאָגט, אינ פאל, ווענ צו דער מאכט וועט קומענ די טראָצקיסטישע רעגירונג אינ רעזולטאט פונ דער מאפּאָלע פונעמ סאָוועטנפארבאנד, צו מאכנ דײַטשלאנד אונ יאפּאָניע א ריי פּאָליטישע, עקאָנאָמישע אונ טעריטאָריאלע האנאָכעס אפנ כעזשבנ פונ פססר—אָפּגעבנ אוקראינע פאר דײַטשלאנד, פּרימאָריע אונ פּריאמוריע—פאר יאפּאָניע. דער סוינע פונ פאָלק ל. טראָצקי האָט זיכ פארפליכטעט פארנ דײַטשישנ פאשיזמ, אינ פאל, אויב ער וועט פארכאפּנ די מאכט,—צו ליקווידירנ די סאָווירטנ, פאנאנדערלאָזנ די קאָלווירטנ, אָפּזאָגנ זיכ פונ דער פּאָליטיק פונ אינדוסטריאליזירנ דאָס לאנד אונ רעסטאווירנ אפ דער טעריטאָריע פונ סאָוועטנ־

פארבאנד די קאפיטאליסטישע פארהעלטענישנ. דער סוינע פונ פאָלק ל. טראָצקי האָט זיכ פארפליכטעט ווי וויַט מעגלעכ העלפנ די פאשיסטישע אגרעסאָרנ דורכ דער מאפּאָלע־אגיטאציע, דורכ שעדיקערישער, דיווערסיאָנעלער טעטיקייַט סיי אינ פרידנ־צייַט, אזוי אויכ אונ באזונדערס אינדערצייַט פונ א מילכאָמע־אָנפאל אפנ סאָוועטנפארבאנד.

לויט די דירעקטע אָנווייַזונגענ פונ דער פאשיסטישער שלאנג, טראָצקינ, האָט דער אנטיסאָוועטישער טראָצקיסטישער פאראלעלער צענטער פאנאנדערגעוויקלט א שעדיקערישע, שפּיאָנישע טעראָריסטישע טעטיקייַט. די טראָצקיסטישע באנדיטנ האָבנ זיכ געייַלט אָפּצאָלנ זייערע פאשיסטישע באלעבאטימ לויט די בלוטיקע וועקסלענ, וועלכע עס האָט ארויסגעגעבנ דער ערגסטער סוינע פונ פאָלק ל. טראָצקי. די נידערטרעכטיקע רענעגאטנ אונ פארעטער פונעמ היימלאנד האָבנ געייַלט צו דערווייַזנ, אז די טראָצקיסטנ שטעלנ מיט זיכ פאָר קלוימערשט עפּעס א „רעאלע" קראפט. פארעטעריש אויסנוצנדיק זייער אמטלאגע, האָבנ די טראָצקיסטישע באנדיטנ אונ שפּיאָנענ זיכ פארנומענ מיט פלאנמעסיקער שעדיקערייַ מיטנ ציל ארונטערצורייַסנ די שוץ־מעכטיקייַט פונעמ סאָוועטנפארבאנד, פלעגנ איבערגעבנ דעמ סוינע ביז גאָר וויכטיקע, ביז גאָר געהיימע ידיִעס וועגנ דער ארבעט פונ דער שוץ־אינדוסטריע אונ פונ די אייַזנבאנענ. זיי האָבנ אָרגאניזירט א ריי אונטערצינדונגענ אונ אופרייַסנ אפ די זאוואָדנ אונ שאכטעס, א ריי אייַזנבאנ־אווואריעס. עס האָבנ זיי גיט אָפּגעשטעלט די קרעכצנ פונ די פארוווּנדעטע אונ פונ די אויסגייענדיקע. „וואָס מער קאָרבאָנעס, איז אלצ בעסער"—האָבנ געטייַנעט די טראָצקיסטיש־פאשיסטישע מענטשנפרעסער, שטרעבנדיק ארויסצורופנ בא די ארבעטער א דערצאָרנונג קעגנ דער סאָוועטנמאכט.

אונ די דאָזיקע ברוִיִמ, וואָס האָבנ מיט די אייגענע הענט אומגעבראכט צענדליקער אונ הונדערטער ארבעטנדיקע, וואָס האָבנ קאלטבלוטיק פאראורטיילט ארבעטער אונ רויטארמייער צומ פייַנפולנ טויט אינעמ פייַער פונ אופרייַסנ, אינ אייַזנבאנ־אוואריעס, האָבנ זיכ נאָכ דערוועגט צו בעטנ וועגנ באגנעדיקונג!

אינ זייַנ גלענצנדיקער, טיפ־באגרינדעטער רעדע האָט דער מעלוכישער באשולדיקער דער פּראָקוראָר פונ פארבאנד ססר כ' א. יא. ווישינסקי, אופדעקנדיק די פינצטערע פארברעכנס פונ דער טראָצקיסטיש־פאשיסטישער באנדע, פולקאָמ ריכטיק דערקלערט:

„ניט איכ אליינ באשולדיק! לעמ מיר, כאווײרימ ריכטער, פיל איכ, ווי עס וואָלטנ דאָ שטיינ די קאָרבאָנעס פונ די דאָזיקע פארברעכנס אונ פונ די דאָזיקע פארברעכער, אפ קוליעס, צעקאליעטשעטע, האלב־לעבעדיקע אונ, מעגלעכ, אינגאנצנ אָנ פיס, ווי יענע סטרעלאָטשניצע פונ דער סטאנציע טשוסאָווסקאיא די כיטע נאגאוויצינא, וועלכע האָט זיכ הייַנט געווענדעט צו מיר דורכ דער „פראוודא" אונ וועלכע האָט צו 20 יאָר פארלאָרנ ביידע פיס, ניט דערלאָזנדיק צו דער אוואריע, וואָס עס האָבנ אָרגאניזירט אָטאָ די מענטשנ! איכ בינ ניט איינער, איכ פיל, אז לעמ מיר, אָט דאָ, שטייענ די אומגעקומענע אונ צעקאליעטשעטע קאָרבאָנעס פונ די שוידערלעכע פארברעכנס, וועלכע פאָדערנ פונ מיר, אלס מעלוכישנ באשולדיקער, צו אינקרימינירנ די באשולדיקונג אינעמ פולנ פארנעמ.

איכ בינ ניט איינער! זאָל זייַנ, אז די קאָרבאָנעס זייַנענ באערדיקט, אָבער זיי שטייענ דאָ לעמ מיר, אָנווייַזנדיק אפ דער דאָזיקער באשולדיקונג־באנק אפ אייַכ, אָנגעקלאָגטע, מיט זייערע שרעקלעכע הענט, וואָס זייַנענ צעפוילט געוואָרנ אינ די קוואָרימ, וווהינ איר האָט זיי פארטריבנ!.."

די פארביסענע סאָנים פון פאָלק—די טראָצקיסטן—האָט זיך איינגעגעבן אומברענגען אסאך צענדליקער בעסטע ארבעטער־סטאכאנאָווצעס און מוטיקע פארטיי־דיקער פון היימלאנד—רויטארמייער. אָבער נאָכמער שוידערלעכע, בעעמעס טייוולשע פלענער פון צעשטערונגען און מאָרדן האָבן זיי אָנגעמערקט אין פאל פון א מילכאָמע, לויט די דירעקטע אָנווייזונגען פון טראָצקין, וואָס זיינען פארשטענדיקט געוואָרן מיטן דייטשישן גענעראלשטאב און מיטן יאפּאָנישן אויסשפּיר־אָפּטייל. ס'איז גענוג צו זאָגן, אז פיאטאקאָוו האָט אָפּגעגעבן א פאראָרדענונג אונטערצינדן אינעם מאָמענט, ווען עס וועט זיך אָנהייבן א מילכאָמע, דעם קעמעראָווער כימישן קאָמבינאט—איינע פון די וויכטיקסטע באזעס פון אונדזער כימישער אינדוסטריע. ליוושיץ, קניאזיעוו און אנדערע שעדיקער און שפּיאָנען אפן אייזנבאן־טראנספּאָרט האָבן צוגעגרייט דאָס אָנשטעקן אין א באסן־מאסשטאב מיט טויט־ברענגענדיקע באקטעריעס די מיליטערישע עשעלאָנען און אויך די פּונקטן פון דערנערונג און פון דער סאניטארישער באארבעטונג פונעם מיליטער.

די טראָצקיסטישע ראָצכים האָבן געשטרעבט אום וואָס עס זאָל ניט גיין פארשנעלערן דעם אָנפאל פון די אימפּעריאליסטן אפן סאָוועטנפארבאנד. די פאשיסטישע רעדלפירער האָבן אָנגעמערקט דאָס יאָר 1937 אלס א באשטימטן טערמין אפ צו אָנהייבן די מילכאָמע. די טראָצקיסטן האָבן געטרוימט קומען צו דער מאכט אפ די פאשיסטישע באגנעטן דורך בערג פון טויטע קערפּערס פון די ארבעטער און פויערים. זיי האָבן געטרוימט אָפּגעבן אונדזער פרעכטיק היימלאנד אפ צעראבירונג און אייביקער פארשקלאפונג צו דעם דייטשישן פאשיזם און צו די יאפּאָנישע מיליטאריסטן, אבי נאָר דערגרייכן די איליוזיע פון מאכט. די ערגסטע סאָנים פון סאָציאליזם—די טראָצקיסטן—האָבן געוואָלט אופשטעלן אין אונדזער לאנד די קאפּיטאליסטישע שקלאפעריי, אָפּגעבן דעם אויסלענדישן קאפּיטאל די סאָציאליסטישע אינדוסטריע, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן דורך די העראָישע אָנשטרענגונגען פונעם ארבעטער־קלאס, ליקווידירן די קאָלווירטן און סאָווירטן, אופלעבן די באלעגופים—די סאמע כייִשע עקספּלואטאטאָרן, אופשטעלן דעם פּריוואטן קאפּיטאל אינעם האנדל און אין דער אינדוסטריע. זיי האָבן פאָרויס זיך פארפליכטעט יאָרנלאנג צאָלן דעם פאשיזם א קאָלאָסאלן צינז מיט רויווארג און דערנערונג. זיי האָבן זיך פארפליכטעט העלפן דעם דייטשישן און דעם יאפּאָנישן אימפּעריאליזם אינעם קאמף פאר איבערטיילן די וועלט.

דער בלוטיקער אוואנטיוריסט טראָצקי, וואָס לעקט די שטיוול באם דייטשישן פאשיזם, האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז ער איז נאפּאָלעאָן באָנאפּארט. אינעם „דירעקטיוון" בריוו צו ראדעקן האָט טראָצקי פּאָשעט פאָרגעלייגט זיינע אונטערהעלפער האָבן אין זינען די היסטאָרישע אנאלאָגיע מיט דער מאכט פון נאפּאָלעאָן דעם ערשטן, פארגעסנדיק, ווייזט אויס, אז נאפּאָלעאָן האָט קיינמאָל ניט פארקויפט זיין לאנד. נאָכן צעגראָמירן דעם סאָוועטנפארבאנד אין דער מילכאָמע האָבן די טראָצקיסטן געהאָפט באקומען די מאכט פון די הענט פונעם דייטשישן פאשיזם און פון די יאפּאָנישע מיליטאריסטן, אויסנוצן די דאָזיקע מאכט פאר דער רעסטאווראציע פון קאפּיטאליזם. און אזויווי טראָצקי פארשטייט, אז דער ארבעטער־קלאס און דאָס פויערטום פון פססר וועלן קיינמאָל פרייוויליק ניט מאסקים זיין אופצושטעלן דעם קאפּיטאליזם, פארשקלאפן זיך באם פאשיזם, כאראקטעריזירט ער פאר זיינע נידערטרעכטיקע מיטהעלפער די דאָזיקע צוקונפטיקע טראָצקיסטישע מאכט אלס פאשיסטישע דיקטאטור, אלס פאשיסטישן טעראָר איבער די ארבעטנדיקע אונטערן פסעוודאָנים „פעסטע מאכט".

ראדעק האָט אפּן געריכט באַוויזן וועגן דעם:

„אינעם בריוו האָט טראָצקי געזאָגט: וועגן קיין שום דעמאָקראַטיע קען קיין רייד ניט זײַן. דער ארבעטער־קלאַס האָט אָפּגעלעבט 18 רעוואָליוציע־יאָרן, און דער אפּעטיט איז בא אים א גוואלדיקער, אָבער דעם דאָזיקן ארבעטער וועט מען דאַרפן אומקערן טיילווײַז אפּ פּריוואַטע פאבריקן, טיילווײַז אפּ מעלוכישע פאבריקן, וואָס וועלן זיך געפינען אין א צושטאנד פון דער שווערסטער קאָנקורענץ מיטן אויסלענדישן קאַפּיטאַל. אַלזאָ—עס וועט פּאָרקומען א שאַרפע פארערגערונג אין דער לאַגע פונעם ארבעטער־קלאַס. אין דאָרפ וועט זיך ווידער אָנהייבן א קאַמף פון דער אָרעמשאַפט און פון מיטל־פּויער קעגן דעם באַלעבאָטישן־... באַלעגופנטום. און קעדיי אופהאַלטן זיך, איז דערפאַר נייטיק א פעסטע מאַכט, אומאפּהענגיק פון דעם, מיט וועלכע פאָרמען דאָס וועט צוגעדעקט ווערן. אויב איר ווילט היסטאָרישע אנאַלאָגיעס, טאָ נעמט די אנאַלאָגיע מיט דער מאַכט פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן און טראַכט דורך די דאָזיקע אנאַלאָגיע“.

לויט ראַדעקס באַווײַזן האָט טראָצקי געשריבן פּאָשעט, אַז „ס'איז אומפאַרמײַדלעך די אויסגלײַכונג פון דער סאָציאַלער אָרדענונג פון ססר מיט די פאַשיסטישע לענדער—די זיגער“. אָט וואָס עס האָבן געגרייט די טראָצקיסטיש־פאַשיסטישע מענוואַלים פאַר די ארבעטנדיקע פון ססר!

אַן אכזאָריעסדיקע פאַשיסטישע דיקטאַטור לויטן מוסטער און געשטאַלט פון דער היטלערישער דיקטאַטור—אָט וואָס עס באַטײַט די טראָצקיסטישע „אויסגלײַכונג“ פון דער סאָציאַלער אָרדענונג מיט די פאַשיסטישע לענדער. קאָנצענטראַציע־לאַגערן, קייטן, פּײַניקונגען, גיליאָטינע און טליִעס פאַר די ארבעטער און קאָלווירטניקעס—אָט מיט וועלכע מיטלען דער ערגסטער סוינע פון פאָלק טראָצקי האָט געטרוימט אופצושטעלן דעם קאַפּיטאַליזם אין אונדזער לאַנד, פארטרײַבן דעם ארבעטער־קלאַס אפּ די קאַפּיטאַליסטישע פאבריקן, פארטרײַבן די קאָלווירטניקעס אונטערן באַלעגופישן יאָך!

אָבער דאָס וועט קיינמאָל ניט זײַן! אויב אין 1919 י. האָבן די כאַיאָלעס פון די ווײַסגוואַרדייער און פון די אויסלענדישע אינטערווענטן ניט געקענט דערשטיקן די סאָוועטישע רעפּובליק, וואָס איז דעמאָלט געווען אָרעם, צערוינירט, טעכניש אָפּגעשטאַנען, שוואַך באַוואָפנט, צי קאָן עס געמאָלט זײַן איצט? פאַר די יאָרן, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען נאָכן בירגער־קריג, באַזונדערס פאַר די צוויי סטאַלינישע פינפיאָרן, איז אונדזער לאַנד לעגענדאַריש אויסגעוואָקסן און האָט זיך פארפעסטיקט. נאָכפאָלגנדיק די לענינישע געבאָטן, האָט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, אונטער דער געניִאַלער אָנפירונג פון כאַווער סטאַלין, דעם פאָרזעצער פון לענינס זאַך, געבראַכט די ארבעטנדיקע פון אונדזער לאַנד צום ענדגילטיקן און אומצוריקקערבאַרן זיג פון סאָציִאַליזם. פון אַן אָפּגעשטאַנען, אַגראַר לאַנד איז דער סאָוועטנפאַרבאַנד פארוואַנדלט געוואָרן אין א פאָרגעשריטענער אינדוסטריעלער מעלוכע. שוין אינעם דורכגעגאַנגענעם 1936 יאָר איז דער ניוואָ פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע פון ססר געווען אין 7,5 מאָל העכער פונעם ניוואָ פון דער פאַרמילכאָמעדיקער פּראָדוקציע פון אַלטן רוסלאַנד, און אין 1937 יאָר וועט ער אריבערשטײַגן דעם דאָזיקן ניוואָ אין נײַן מאָל! אפּ אָט דעם גרונט איז אונדזער העלדנמוטיקע רויטע ארמיי איצט באַוואָפנט מיט דער נײַסטער טעכניק און וועט קענען ארויסווײַזן א ווידערשטאַנד און צעשמעטערן יעטווידער אגרעסאָר.

אין זייערע פּלענער וועגן אָנפאַלן אפּן סאָוועטנפאַרבאַנד האָבן די פאַשיסטישע אגרעסאָרן געלייגט, קענטיק, ניט ווייניק האָפענונגען אפּ די טראָצקיסטישע שעדיקער, שפּיאָ־

נענ אונ דיווערסאנטנ. דער פראָצעס פונעמ אנטיסאָוועטישנ טראָצקיסטישנ צענטער האָט ערנסט ארונטערגעריסנ די דאָזיקע האָפענונגענ. די העלדנמוטיקע טוער פונ פאָלקאָמינערנ, אונטער דער אָנפירונג פונ זייער נײַעמ פאָלקס־קאָמיסאר, דעמ שטאדנהאפטיקנ רעוואָליוציאָנער — דעמ באָלשעוויק פונ דער סטאלינישער פעסטקײַט — כ׳ נ. אי. יעזשאָוו האָבנ באוויזנ אופדעקנ די נידערטרעכטיקע טראָצקיסטישע שלאנגענ, ניט געקוקט אפ זייער גאנצער מאסקירונג. ס׳איז אָנ שומ צווייפל, אז באמ באדינג ווענ מיר וועלנ ווײַטער העכערנ די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט, וועלנ מיר ביזנ סאָפ אויספאנגענ אונ אנטשעדיקנ אלע סאָנימ פונ פאָלק, אלע אגענטנ פונ פאשיזמ: די טראָצקיסטנ, די רעכטע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ אונ אנדערע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע עלעמענטנ.

* * *

דער טראָצקיזמ האָט זיכ ניט צופעליק פארוואנדלט אינ דער סאמע נידערטרעכטיקער אגענטור פונעמ פאשיזמ, אינעמ סאמע פארביסענעמ סוינע פונ סאָציאליזמ. דער גאנצער היסטאָרישער וועג פונ טראָצקיזמ האָט געפירט טראָצקינ אונ די טראָצקיסטנ צו דער דאָזיקער ראָליע.

פונ אָנהייב אָנ, זינט עס האָט זיכ אויסגעפאָרמירט דער באָלשעוויזמ, טרעט ארויס טראָצקי, אלס צערייצטער קעגנער פונ די באָלשעוויקעס, אלס א קעגנער פונ לענינענ. נאָכ אפנ צווייטנ פארטיי־צוזאמענפאָר איז טראָצקי ארויסגעטראָטנ קעגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, קעגנ דעמ לענינישנ אָרגאניזאציאָנעלנ פלאנ פונ בויענ די פארטיי. נאָכנ צווייטנ צוזאמענפאָר האָט דער מענשעוויק טראָצקי שטארק געהעצט קעגנ לענינענ אונ קעגנ די באָלשעוויקעס. אינ פעריאָד פונ דער רעוואָליוציע פונ 1905 י. האָט טראָצקי געפירט א ליניע אפ ארונטערײַסנ דעמ באוואָפנטנ אופשטאנד, האָט אנטוויקלט די מאָפאָלע־טעאָריע, אינ טאָכ גענומענ, די טעאָריע, פונ „פערמאנענטער רעוואָליוציע״.

אינ דער עפּאָכע פונ דער רעאקציע איז דער מענשעוויק טראָצקי ארויסגעטראָטנ פאריינס מיט די ליקווידאטאָרנ, מיט די דאָזיקע באגרעבער פונ דער רעוואָליוציע, וועלכע האָבנ דערקלערט, אז די רעוואָליוציע איז געענדיקט אונ האָבנ געשטרעבט פארניכטנ, ליקווידירנ די אונטערערדישע רעוואָליוציאָנערע פארטיי. טראָצקי אונ זײַנע מיטהעלפער זײַנענ קיינמאָל ניט געווענ קיינ פראָלעטארישע רעוואָליוציאָנערנ; אינ בעסטנ פאל זײַנענ זיי בלויז געווענ קליינבירגערלעכע „מיטגייער״, וואָס פלעגנ שטענדיק אָפגיינ פונ דער רעוואָליוציע אינ די שווערע מאָמענטנ, וואָס האָבנ שטענדיק געפּרוּווט דורכפירנ די בורזשואזע ווירקונג אפנ פראָלעטאריאט, א וואקל טאָנ די רייענ פונ דער פארטיי אונ פונעמ פראָלעטאריאט.

מיט העכער 25 יאָר צוריק האָט לענינ פארשטעמפלט טראָצקינ פאר זײַנ פארעטערישער פאָליטיק פונ ליגנס אונ גאָרערײַ, אָנרופנדיק אימ „יורושקא־טראָצקי״. אינעמ ארטיקל „דער היסטאָרישער זינ פונעמ אינערלעכ־פארטיייִשנ קאמפ אינ רוסלאנד״ האָט לענינ געשריבנ וועגנ טראָצקיס „ראפינירטנ וואָרט־ברוכ״, וועגנ זײַנ „יעזויִטישער״ אופירונג.

אינ פעריאָד פונעמ אופשטײַג פונ דער ארבעטער־באוועגונג, אינ די יאָרנ 1912—1911, שלאָגט צונויפ טראָצקי דעמ פרינציפלאָזנ אנטיבאָלשעוויסטישנ „אווגוסט״־בלאָק פונ אלע גרופעס, וואָס זײַנענ פײַנטלעכ צומ באָלשעוויזמ (ליקווידאטאָרנ, ופּעריאָדאָוצעס א. א. וו.).

מיט דעם דאָזיקן בלאָק האָט טראָצקי געפרוווט, און אָן דערפאָלג, ארונטערצורייַסן די אופלעבונג פון דער אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער פראָלעטארישער פארטיי, וואָס איז פארווירקלעכט געוואָרן דורך דער פראַגער קאָנפערענץ.

אין 1915 י. קעמפט טראָצקי פארביסן קעגן דער לענינישער טעאָריע וועגן דער מעגלעכקייַט פונעם זיג פון סאָציאליזם צוערשט אין איין, באזונדער גענומענעם קאפיטאליסטישן לאנד, באשולדיקנדיק רעכילעסדיק לענינען אין „נאציאָנאלער באגרענעצטקייַט". שוין דאן האָט טראָצקי פולשטענדיק קאפיטולירט פארן קאפיטאליזם.

אין 1918 יאָר פירט טראָצקי א פאָליטיק פון ארונטעררייַסן דעם שאָלעם, וועלכע האָט געדראָט מיט אומקום דער רעוואָליוציע. אין 1921 יאָר שאפט ער צוזאמען מיט בוכארינען א קריזיס אין דער פארטיי, שלעפט די פארטיי אין דיסקוסיע־פיבער. אין 1923 יאָר טרעט ארויס טראָצקי ווידער אין א מארש קעגן דער פארטיי. ניט צופעליק האָבן א רייַ אָנגעקלאָגטע אנערקענט אפן פראָצעס, אז די וואָרצלען פון זייער נידערטרעכטיקן פאראטן דעם היימלאנד שטעקן נאָך אין זייער אנטיפארטייִשער טראָצקיסטישער טעטיקייַט אין 1923 יאָר, ווען עס זייַנען צונויפגעשלאָגן געוואָרן די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטישע קאדרען.

אין פעריאָד צווישן דעם XIV און XV צוזאמענפאָרן פון דער אלקפ(ב), אין די יאָרן 1926—1927, גייט דער פראָצעס פונעם אריבערוואקסן פון די טראָצקיסטן און זינאָוויעווצעס פון אן אנטיפארטייִשער פראקציע אין אן אנטיסאָוועטישן קויעך, אינעם פאָדערשטן אָטריאד פון דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע. די טראָצקיסטן שפיגלען אָפּ דעם ווידערשטאנד פון די אומקומענדיקע קאפיטאליסטישע עלעמענטן, וואָס זייַנען אומקאָמפּראָמיסלעך פייַנטלעך צום סאָציאליזם און צו דער פראָלעטארישער דיקטאטור.

אין גרונט פון די טראָצקיסטישע ארויסטרעטונגען און פלאטפאָרמעס זייַנען שטענדיק געלעגן די טענדענצן צו רעסטאווירן דעם קאפיטאליזם אין אונדזער לאנד, די טענדענצן צו קאפיטולירן פאר דער קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג, פארן אלוועלטלעכן קאפיטאליזם.

שוין אין 1922 י. האָט טראָצקי פאָרגעלייגט דערלויבן די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, די מעלוכישע טרעסטן אייַנצולייגן דעם גרונט־קאפיטאל פון די אונטערנעמונגען בא די פריוואטע קאפיטאליסטן, ד. ה., ער האָט פאָרגעלייגט אריבערגיין צו דער פאקטישער דענאציאָנאליזאציע פון דער אינדוסטריע, צום רעסטאווירן דעם פריוואטן קאפיטאל אין דער אינדוסטריע. טראָצקי האָט באהויפטעט, אז „מיר וועלן די גאנצע צייַט זיך געפינען אונטערן קאָנטראָל פון דער וועלט־ווירטשאפט", ער האָט געקעמפט פאר פארוואנדלען אונדזער לאנד אין אן אָנמעכטיקן צוגאָב פון דער קאפיטאליסטישער סיסטעם.

דעם זעלבן וועג פון „דאוועסיזירן" אונדזער לאנד, ד. ה., פארוואנדלען פססר, אין טאָכ גענומען, אין אן אגראַרער קאָלאָניע פון דייַטשלאנד האָט פארטיידיקט אפן 14־טן צוזאמענפאָר פון דער אלקפ(ב) דער פארעטער סאָקאָלניקאָוו. און דער רענעגאט פּיאטאקאָוו האָט אונטערן פלאג פון „אולטרא־אינדוסטריאליזאציע" פאנאנדערגעארבעט אין די זעלבע יאָרן א שעדיקערישן פלאן—די אזויגערופענע „זיך אויסלעשנדיקע קרומע" פון קאפיטאל־אינוועסטיציעס אין דער מעלוכישער אינדוסטריע. לויט דעם דאָזיקן שעדיקערישן פלאן, זייַנען אין סאָף פונעם אופשטעלונג־פעריאָד, אין 1926 יאָר, פאָרגעלייגט געוואָרן פאר יענער צייַט צו שוועדע קאפיטאל־אינוועסטיציעס אין דער אינדוסטריע;

דערפאר אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די מעגלעכקײַט פון קאפּיטאל־אויסגאבן פאר דער רעקאָנסטרוקציע פון דער אינדוסטריע האָט זיך פארגרעסערט מיטן אַלגעמיינעם וווּקס פון לאנד, איז, לויט פּיאטאקאָוס שעדיקערישן פּלאן, פאָרגעלייגט געוואָרן שטארק פארקלענערן, דערפירן צו גאָרנישט די קאפּיטאל־אויסגאבן אפ דער רעקאָנסטרוקציע פון דער אינדוסטריע, עס איז פאָרגעלייגט געוואָרן „אויסלעשן“ די זאך פון דער אינדוסטריאַליזאציע. אין דעם איז טאקע באשטאנען דער פּלאן פון דער „זיך אויסלעשנדיקער קרומער“, וועלכן עס האָט אָפּגעוואָרפן די פּארטיי.

די טראָצקיסטן און זינאָוויעוועס פלעגן פארדעקן זייער רעסטאווראטאָרישן טאָכ מיט „לינקע“ פראזן, פלעגן אים מיט אַלע מעגלעכקײַטן מאסקירן. זיי זײַנען געווען געצוווּנגען אָנצווענדן די דאָזיקע מאסקירונג, ווײַל דעמלט האָבן זיי נאָך גערעכנט פירן נאָך זיך כאָטש א טייל ארבעטער און האָבן פארשטאנען, אז פארן ארבעטער־קלאס פון פססר, פארן סאמע רעוואָליוציאָנערן ארבעטער־קלאס אין דער וועלט, קאָן מען ניט ארויסטרעטן מיט אן אָפן־אָפּאָרטוניסטישער פלאטפאָרם. די באָלשעוויסטישע פּארטיי האָט אונטער דער אָנפירונג פון כאווער סטאלין אופגעדעקט די דאָזיקע מאסקירונג פון די טראָצקיסטן, האָט באוויזן פאר די מאסן דעם מענשעוויסטישן סאָציאַל־דעמאָקראטישן טאָכ פון די טראָצקיסטן. און טאקע דערפאר, ווײַל די פּארטיי האָט אונטער דער אָנפירונג פונעם כאווער סטאלין צעשמעטערט די מענשעוויסטישע, קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע, טראָצקיסטישע טעאָריע וועגן דער אוממעגלעכקײַט פונעם זיג פון סאָציאַליזם אין אונדזער לאנד, האָבן די באָלשעוויקעס באוויזן אופצוהייבן די מיליאָניקע מאסן צום העראָישן קאמף פאר אויסבויען די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט און האָבן באקרוינט דעם דאָזיקן קאמף מיטן זיג פונעם סאָציאַליזם.

ווען עס זײַנען אַלץ מער געוואָקסן די דערפאָלגן פון סאָציאַליזם אין אונדזער לאנד, האָט טראָצקי אָנגעהויבן אָפן ארויסטרעטן אין אויסלאנד אין זײַן שמוציקן „ביולעטען“ מיט דער פּראָגראם פון רעסטאווּרירן דעם קאפּיטאליזם אין פססר. אפ דעם האָט אָנגעוויזן דער כאווער סטאלין נאָך אפן 17־טן פּארטיי־צוזאמענפאָר.

„נעמט די פּאראיאָריקע נומערן פון טראָצקיסטישן „ביולעטען“,—האָט געזאָגט דער כאווער סטאלין.—וואָס פאָדערן און וועגן וואָס שרײַבן דאָרטן די הערן טראָצקיסטן, אין וואָס דריקט זיך אויס זייער „לינקע“ פּראָגראם? זיי פאָדערן: פאנאנדערלאָזן די סאָוכאָזן, אַלס ניט קיין רענטאבלדיקע, פאנאנדערלאָזן דעם גרעסטן טייל קאָלווירטן, אַלס אופגעבלאָזענע, אָפּזאָגן זיך פון דער פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באלעבוסנטום, אומקערן זיך צו דער קאָנצעסיע־פּאָליטיק און אָפּגעבן אין קאָנצעסיע א גאנצע רײ אונדזערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אַלס ניט קיין רענטאבלדיקע.

אָט האָט איר די פּראָגראם פון די פאראכטע פּאכדאָנים און קאפּיטוליאנטן, די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע פּראָגראם פון אופשטעלן דעם קאפּיטאליזם אין פססר!“

אין גאנג פון אריבערוואקסן אין אן אנטיסאָוועטישער קראפט, אינעם פאָדערשטן אָטריאד פון דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע, זײַנען בא די טראָצקיסטן רײַף געוואָרן יענע עלעמענטן, וואָס זײַנען כאראקטעריסטיש פארן הײַנטצײַטיקן טראָצקיזם—פאר דער דירעקטער אגענטור פון פאשיזם. שוין אין 1927 יאָר האָבן די טראָצקיסטן

אָנגעהויבנ פירנ א מאַפּאָלע־אגיטאציע, שוינ דעמלט זײַנענ אינ דער סוויוווע פונ די טראָצקיסטנ קולטיווירט געוואָרנ די ווילדע רישעס אונ פײַנטשאַפט צו דער פּארטײ, צו דער אָנפירונג פונ דער פּארטײ, עס זײַנענ קולטיווירט געוואָרנ טעראָריסטישע שטימונגענ. שוינ דעמלט האָבנ באַזונדערע טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע גרופּקעס אפ אוקראַיִנע געטראכט וועגנ „עקספּראָפּריִאציע‟, וועגנ ראבירנ סאָוועטישע פאָלקס־געלט פאר זייער קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערער טעטיקײַט. שוינ דעמלט זײַנענ די טראָצקיסטנ געווענ פארבונדנ אינ זייער אנטיסאָוועטישער טעטיקײַט מיט די ווײַסגווארדייִשע עלעמענטנ.

צולעצט, שוינ דעמלט איז בא די טראָצקיסטנ אונ זינאָוויעווצעס אָנגעוואָקסנ די גרעסטע צעררייצטקײַט קעגנ דעם ארבעטער־קלאס פונעם סאָוועטנפארבאנד, וועלכער איז ניט געגאנגענ נאָכ זײ. וויאַזוי האָבנ דערקלערט די טראָצקיסטנ די מאַפּאָלע פונ זייערע אנטיפּארטייִשע אונ אנטיסאָוועטישע ארויסקריכנ אינ די יאָרנ 1926 אונ 1927? זײ האָבנ זיכ געקלאָגט אינ זייער צעפוילטער סוויווע אפ דער „רעאקציאָנערישקײַט‟ פונעם ארבעטער־קלאס, וועלכער האָט זײ ניט אונטערגעהאלטנ. פונדאנענ נעמט זיכ זייער גוואלדיקע רישעס קעגנ דעם ארבעטער־קלאס פונ פּססר. דעריבער זײַנענ די טראָצקיסטישע רעדלפירער אונ די טראָצקיסטישע האָרעוואניקעס געגאנגענ מיט אזא לײַכטקײַט אפ שעדיקערײַ, אפ מאסנווײַז דערמאָרדנ די ארבעטער.

„ „ „

דורכ די באווײַזנ פונ די אָנגעקלאָגטע אפנ פּראָצעס פונעם אנטיסאָוועטישנ טראָצקיסטישנ צענטער ווערט אופגעוויזנ די קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע טעטיקײַט פונ די רעכטע רענעגאטנ: בוכארינ, ריקאָוו, טאָמסקי, אוגלאנאָוו א. אנד. די אָנגעקלאָגטע ראדעק אונ סאָקאָלניקאָוו האָבנ געמאָלדנ, אז בא די רעכטע קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערנ איז געווענ אנ אייגענער צענטער, מיט וועלכנ די טראָצקיסטנ האָבנ געהאלטנ א קאָנטאקט.

אָט וואָס עס האָט באוויזנ דער סוינע פונ פאָלק ראדעק אפנ געריכט וועגנ זײַנ פארברעכערישער פארבינדונג מיט בוכארינענ:

„דער ערשטער שמועס איז געווענ אינ יונ אָדער אינ יול 1934 י. נאָכ דעם, ווי בוכארינ איז אריבערגעגאנגענ אפ ארבעט אינ דער רעדאקציע „איזוועסטיא‟. אינ דער צײַט האָבנ מיר מיט אים אָנגעהויבנ ריידנ, ווי מיטגלידער פונ צוויי זיכ קאָנטאקטירנדיקע צענטרענ. איכ האָב אים געפרעגט: „איר האָט זיכ געשטעלט אפנ טעראָריסטישנ וועג?‟ האָט ער געזאָגט: „יאָ‟. ווענ איכ האָב אים געפרעגט, ווער עס פירט אָנ מיט דעם דאָזיקנ איניענ, האָט ער געזאָגט וועגנ אוגלאנאָוונ אונ אָנגערופנ זיכ, בוכארינענ‟.

דער אָנגעקלאָגטער סאָקאָלניקאָוו האָט איבערגעגעבנ דעם געריכט, אז ער האָט געוווסט וועגנ אונטערהאנדלונגענ צווישנ קאמעניעוונ מיט בוכארינענ אונ ריקאָווג אונ וועגנ אונטערהאנדלונגענ צווישנ זינאָוויעוונ מיט טאָמסקינ אונ אוגלאנאָוונ.

„אינ די דאָזיקע אונטערהאנדלונגענ,—האָט באוויזנ סאָקאָלניקאָוו,—איז אײַנגעשטעלט געוואָרנ די אלגעמיינקײַט פונ די גרונטלעכע פּראָגראם־פראגנ אונ די אלגעמיינקײַט פונ די טאקטישע אײַנשטעלונגענ, באַזונדערס דאָס אָנעמענ דעם טעראָריסטישנ קאמפּ־מיטל‟.

די טראָצקיסטנ אונ די רעכטע זײַנענ זיכ צונויפגעגאנגענ, ווי עס האָט באוויזנ סאָקאָלניקאָוו, אפ דער פּראָגראם פונ אופשטעלנ דעם קאפּיטאליזם אינ אונדזער לאנד. די דאָזיקע פּלאטפאָרמ פונ אופשטעלנ דעם קאפּיטאליזם, באַזונדערס דאָס באלעגופנטום, האָט

די אנטיסאָוועטישע ריוטין־סליעפקאָווישע גרופירונג פון די רעכטע ארויסגערוקט נאָך אין 1932 יאָר, די אלטע טראָצקיסטישע טעאָריע וועגן דער אומעגלעכקייט, אז דער סאָציאַליזם זאָל זיגן אין איין לאנד, און די בוכארינישע טעאָריע פון „אָרגאניזירטן קאפיטאַליזם" (וואָס איז קרוּוויש צו דער קאוטסקיאַנישער טעאָריע פון „אולטרא־אימפעריאַליזם") האָבן זיך ענג איבערגעפלאָכטן אין די דאָזיקע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע מאפאָלע־אָנהענגערישע „פראָגראם"־איינשטעלונגען פון די פאשיסטישע אגענטן, רענעגאטן און פארעטער פונעם הײמלאנד.

„... די אָנפירנדיקע מיטגלידער פון צענטער,—האָט באוויזן אפן געריכט דער סוינע פון פאָלק סאָקאָלניקאָוו,—האָבן געהאלטן, אז, אלס איזאָלירטע רעוואָליוציע, קען אונדזער רעוואָליוציע ניט איינהאלטן זיך, ווי א סאָציאַליסטישע, אז די טעאָריע פון קאוטסקיאַנישן אולטרא־אימפעריאַליזם און די טעאָריע פון בוכארינישן אָרגאניזירטן קאפיטאַליזם, וואָס איז צו איר קרוּוויש, האָבן ארויסגעוויזן צו זיין ריכטיק. מיר האָבן גערעכנט, אז דער פאשיזם—דאָס איז דער סאמע אָרגאניזירטער קאפיטאַליזם, ער זיגט, ער פארכאפט איירָאָפּע, ער שטיקט אונדז. דעריבער איז בעסער צונויפריידן זיך מיט אים, עס איז בעסער איינצוגיין אפ א וועלכן ניט איז קאָמפּראָמיס אין הינזיכט פון אָפּטרעטן פונעם סאָציאַליזם צום קאפיטאַליזם..."

אזוי איז די בוכארינישע רעכט־אָפּאָרטוניסטישע טעאָריע פון „אָרגאניזירטן קאפיטאַליזם" געוואָרן א צורעק, א „טעאָרעטישע" באגרינדונג פארן סאמע נידערטרעכטיקן פאראטן דעם הײמלאנד, פאר דירעקט העלפן דעם קלוימערשט „אומבאזיגבארן" פאשיזם, פאר שעדיקערײַ, שפּיאָנאזש, דיווערסיעס.

די געשיכטע פון דער פארטיי זאָגט אונדז, אז ניט איינמאָל איז בוכארין ארויסגעטראָטן קעגן לענינען, קעגן דער פארטיי, צוזאמען מיט טראָצקין, פּיאטאקאָוון און ראדעקן, צוזאמען מיט קאמעניעוון און זינאָוויעוון. לאָמיר זיך דערמאָנען כאָטש דעם פעריאָד פון בריסקער שאָלעם, ווען בוכארין, בלאָקירנדיק זיך מיט טראָצקין, פלעגט ווילד אָנפאלן אפ לענינען. אין די שווערע טעג פונעם פרילינג 1921 יאָר, ערעוו דעם קראָנשטאדטער בונט, איז בוכארין צוזאמען מיט טראָצקין ווידער ארויסגעטראָטן קעגן לענינען אין דער אזויגערופענער פראָפּפאריינישער דיסקוסיע, שאפנדיק א קריזיס אין דער פארטיי.

אין גרונט פון דער פאָזיציע פונעם רעכטן אָפּנויג אינדערשפּיץ מיט בוכארינען, ריקאָוון, טאָמסקין זיינען שטענדיק געלעגן טענדענצן צו רעסטאווירן דעם קאפיטאַליזם אין אונדזער לאנד. ווען דער רעכטער אָפּנויג האָט זיך אויסגעפאָרמירט, ווי אן אנטיפארטייִשע פראקציע, וואָס האָט פארטראכט צו קעמפן קעגן דער לענינישער פּאָליטיק פון צענטראל־קאָמיטעט, האָט בוכארין—זומער 1928 יאָר—אָנגעהויבן הינטער־קוליסנדיקע אונטערהאנדלונגען מיט די טראָצקיסטן, זוכנדיק צווישן זיי פארבינדעטע. בוכארין פלעגט באנאכט, ווי א גאנעוו, באהאלטענערהייט זיך גאנוועגען צו קאמעניעוון און פירן מיט אים פארברעכערישע, שענדלעכע אונטערהאנדלונגען, וועלכע די טראָצקיסטן האָבן שפּעטער פּובליקירט אין זייערע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אונטערערדישע בלעטלעך. וועגן די דאָזיקע אונטערהאנדלונגען האָבן געוווּסט סיי ריקאָוו, סיי טאָמסקי.

אין קאמף קעגן דער פארטיי האָט בוכארין אויסגעכאָוועט „א שוּלכל" פון זיינע שילער פונעם טיפּ סליעפּקאָוו און קאָמפּ., וועלכע האָבן, ווי עס האָט באוויזן, צ. ב., דער איניען פון דער ריוטין־סליעפּקאָווישער גרופירונג אין 1932 יאָר, פון לאנג שוין אראָפּגעקייקלט זיך אפן אנטיסאָוועטישן וועג.

די פארברעכערישע טעטיקייַט פונ די רעכטע: פונ בוכארינענ, ריקאָוונ, טאָמסקינ, אוגלאנאָוונ א. אנד., וואָס ווערנ דעמאסקירט דורכ די באווייַזנ פונ די אָנגעקלאָגטע לויטנ איניענ פונ אנטיסאָוועטישנ טראָצקיסטישנ צענטער אונ דורכ אנדערע פאקטנ,—דארפ אויסגעפאָרשט ווערנ ביזנ סאָפ. די רעכטע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ דארפנ באקומענ די שטראָפ, וואָס זיי האָבנ פארדינט. דאָס פאָדערנ די אינטערעסנ פונ דער רעוואָליוציע, דאָס פאָדערנ די פילצאָליקע רעזאָליוציעס, וואָס זייַנענ ארויסגעטראָגנ געוואָרנ אפ די פאר־זאמלונגענ פונ די ארבעטנדיקע אינ צוזאמענהאנג מיטנ פראָצעס פונ אנטיסאָוועטישנ טראָצ־קיסטישנ צענטער.

אדאנק דעמ פראָצעס פונעמ אנטיסאָוועטישנ טראָצקיסטישנ צענטער האָבנ געפלאצט די כעזשבוינעס פונעמ פאשיזמ. עס איז געכאפט אונ אנטשעדיקט געוואָרנ דער געפער־לעכסטער אָטריאד גדונגענע לייַט פונ פאשיזמ, די נידערטרעכטיקע פארעטער פונעמ היימ־לאנד. ס'איז קיינ וונדער ניט, וואָס די פאשיסטישע פרעסע האָט אָנגעווענדעט אלע קרעפטנ אפ רייַנוואשנ די טראָצקיסטישע באנדיטנ. אָבער פאר די אויגנ פונ דער גאנצער וועלט זייַנענ דורכ די אומבאשטרייַטבארע פאקטנ אונ דורכ די אנערקענונגענ פונ די אָנ־געקלאָגטע גופע דעמאסקירט געוואָרנ די בלוטיקע דינער פונ פאשיזמ אינדערשפיצ מיט יודא־טראָצקי, ס'איז ווידער בא דער האנט געכאפט אונ דעמאסקירט געוואָרנ דער פא־שיזמ.

* * *

די באָלשעוויסטישע פארטיי אונ די ארבעטנדיקע פונ פססר וועלנ קאָנענ מאכנ אלע אויס־פירנ פונעמ פראָצעס פונ דעמ אנטיסאָוועטישנ טראָצקיסטישנ צענטער. אינעמ קירצסטנ טערמינ פארהיילנ אלע וונדנ, וואָס די שעדיקער, שפיאָנענ אונ דיווערסאנטנ האָבנ פארשאפט דער פאָלקווירטשאפט, אומגעהויער העכערנ די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקייַט, דורכקאָנטראָלירנ די מענטשנ, קעדיי אויספאנגענ ביזנ סאָפ אלע סאָנימ פונ פאָלק,—דאָס זייַנענ די הויפט־אויספירנ.

דער פראָצעס האָט דעמאסקירט דעמ טראָצקיזמ, ווי דעמ ערגסטנ סוינע פונ דער גאנצער פאָרגעשריטענער אונ פראָגרעסיווער מענטשהייַט. די טראָצקיסטנ זייַנענ געכאפט געוואָרנ בא דער האנט, אלס אונטערצינדערס פונ דער וועלט־מילכאָמע, וועלכע טראָגנ אומקומ פאר צענדליקער מיליאָנענ ארבעטנדיקע. אפנ פראָצעס איז דעמאסקירט געוואָרנ, מיט וואָס פארא מעטאָדנ דער דייַטשישער פאשיזמ אונ די יאפאַנישע מיליטעריש־פאשיס־טישע דיקטאטור גרייטנ אנ אָנפאל אפנ סאָוועטנפארבאנד, גרייטנ מילכאָמעס, קעדיי צו איבערטיילנ די וועלט. אונ דאָס דארפ וואָרענענ אלע ערלעכע מענטשנ אינ דער גאנצער וועלט.

די ארבעטנדיקע מאסנ פונ סאָוועטנפארבאנד דערקלערנ איינמוטיק אינ זייערע אָפ־רופנ וועגנ פראָצעס, אז קיינשומ קראפט וועט זיכ ניט איינגעבנ אומקערנ דאָס לאנד פונ סאָציאליזמ צו דער קאפיטאליסטישער שקלאפערייַ. קיינשומ קראפט וועט זיכ ניט איינגעבנ אָפצושטעלנ אונדזער באוועגונג צומ קאָמוניזמ. דער אלשטאָטישער מיטינג פונ די ארבעטנדיקע פונ מאָסקווע זאָגט אינ זייַנ רעזאָליוציע, וואָס באגייסטיקט דעמ אורטייל:

„ס'וועט זיכ ניט אויסדרייענ פונעמ פאָלקס־צאָרנ, ס'וועט זיכ ניט אויסדרייענ פונ דער רעוואָליוציאָנערער גערעכטיקייַט סיי דער בלוט־הונט פונ פאשיזמ, דער סוינע פונ

פאָלק יודא־טראָצקי, סײַ די גאנצע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע טשאטע טראָצקיסטנ אונ רעכטע.

עס איז ניטאָ אונ עס וועט ניט זײַנ אינ דער וועלט אזא קראפט, וואָס זאָל קענענ אומקערנ צוריק אונטערנ יאָכ פונ דער קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע אונדזער מעכטיק היימלאנד פונ סאָציאַליזם.

אפ דער וואכ פונ די זיגנ פונ סאָציאליזם, אפ דער וואכ פונעמ גליקלעכנ לעבנ, וואָס איז דעראָבערט אונ פארשריבנ געוואָרנ אינ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע, שטייט אונדזער גאנצ פאָלק, וואָס האָט זיכ געטרײַ באהעפט ארומ אונדזער פאָטער אונ פרײַנט דעמ כאוועד סטאלינ.

לאָמיר נאָכ שטארקער באהעפטנ אונדזערע רייענ ארומ דער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ, ארומ דעמ סטאלינישנ צענטראל־קאָמיטעט פונ דער פארטיי, ארומ דעמ פירער פונ קאָמוניזמ דעמ כאוועד סטאלינ, לאָמיר נאָכ העכער אופהויבנ די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט אינ קאמפ קעגנ די סאָנימ פונ פאָלק, קעגנ די טראָצקיסטנ אונ די רעכטע — די דאָזיקע פאשיסטישע דינער, שפּיאָנעג, דיווערסאנטנ.

אלע, ווי איינער, זײַנענ מיר גרייט מיט אונדזער ברוסט, מיט אונדזער לעבנ זיגרײַכ אָפּווארפנ אלע אונ אלערליי פאומעסטונגענ פונעמ סוינע אפ די הייליקע גרענעצנ פונ אונדזער היימלאנד, אפ די הייליקע דעראָבערונגענ פונ סאָציאַליזמ".

דאָס לאנד פונ זיגרײַכנ סאָציאַליזמ איז פעסט אונ ניט געוואקלט, ווי קיינמאָל. אָפּשלײַדערנדיק אלע סאָנימ, גייט דאָס לאנד אונטער דער פאָנ פונ דער גרויסער סטאלינישער קאָנסטיטוציע, אונטער דער פירערשאפט פונ כאוועד סטאלינ פאָרויס, צומ קאָמוניזמ!

(„באָלשעוויק")

---

## צו דער פאָרשטייענדיקער שפּראַכ־קאָנפערענצ אינ בירעבידזשאַנ

א. זארעצקי

# די פונקציע פונעמ „עס“

מיר לייענענ בא האָפשטיינענ:

ס׳האָט מײַנ מאמע
נאָכ אינ אָנהויב פונ מײַנ וועזנ
דאָרט אפ הויכנ בלויענ סאמעט
מיר באוויזנ
אָט דאָס טעלערל פונ הימל.

אינ הארציקע לירישע טענער שילדערט ד. האָפשטיינ זײַנע ערשטע קינדערשע פונקענ פונ דאָרשט צו אומדערגרייכלעכס.

די שורעס זײַנענ מײַסטעריש אָפּגעטאָקט. אלצ איז דאָ אפנ אָרט. קיינ איינ וואָרט איז דאָ ניט איבעריק. אויכ דער „ס“ אינ אָנהויב איז ניט קיינ איבעריקער.

אָט דעמ „ס“ טאקע וויל איכ דאָ נעמענ אונטער גראמאטישנ אנאליז. דער „ס“ איז דאָ נייטיק. א טימענ—פרווט אימ אָפּוואַרפנ:

האָט מײַנ מאמע
נאָכ אינ אָנהויב פונ מײַנ וועזנ
דאָרט אפ הויכנ בלויענ סאמעט
מיר באוויזנ
אָט דאָס טעלערל פונ הימל.

וואָס איז דאָס? א פאָרזעצונג פונ עפּעס פריִערדיקע? אנ ארײַנרײַס אינמיטנ פונ א דערציילונג? אָבער האָפשטיינ איז דאָס דאָכ ניט אויסנ געווענ. הייסט עס—דער „ס“ איז דאָ נייטיק: אָנ דעמ „ס“ וואָלט עס געווענ א פאָרזעצונג, א מיטנ, דער „ס“ מאכט, אז דער פערז זאָל זײַנ אנ אָנהייב.

נאָכ בײַשפּילנ וועלנ דעמ אויספיר באשטעטיקנ.

אונ הינטער פענצטער—ליגט א ווײַסע נאכט
אונ ווייכע שנייענ לייגנ זיכ אונ לייגנ,
עס האָט די לערערנ אינ מידקײַט זיכ פארטראכט.
דער שלאָפ בלײַבט שטיינ א קלאָרער אינ די אויגנ...

לאָמיר עקספּערימענטאל אָפּוואַרפֿן דעם „עס״:

אונ הינטער פענצטער ליגט א ווײַסע נאַכט
אונ ווייכע שנייען לייגן זיך אונ לייגן,
האָט די לערערן אין מידקײַט זיך פארטראַכט.
דער שלאָף בלײַבט שטיין א קלאָרער אין די אויגן...

מיר דערפילן גלײַך אַן ענגערע פארבינדונג צווישן די ערשטע צוויי פערזן אָן די ווײַטערדיקע—א פארבינדונג, וואָס איז ניט געווען אין כאריקס קאוואָנע. דער פּאָעט האָט אונדז געוואָלט געבן באַזונדער א בילד פון דער ווײַסער ווייכשנייִיקער נאַכט אונ א בילד פון דער מידער, פארטראַכטער לערערן. אַז איך זאָג „באַזונדער״, איז עס, פארשטייט זיך, רעלאַטיוו: דאָס זײַנען דאָך סאָפּקאָלסאָפּ דעטאַלן פון איין גרעסערן בילד. אָבער דאָך זײַנען די דאָזיקע דעטאַלן ניט אַזוי געבונדן צווישן זיך, ווי אינעם וואַריאַנט אָן דעם „עס״.

אונ נאָך איין בײַשפּיל—אין פּראָזע:

„די זעלמעניאַנער האָבן באַשלאָסן אויסשווײַגן דאָס בייז. שווײַגעניש אַרבעט מען דאָ אַרויס פון זיך איינציקווײַז אַזוי, ווי א שפּין דעם שפּינוועבס.

עס האָבן געשוויגן די האַרטע, ניט געקאַמטע בערד, די אַראָפּגעלאָזענע נעזער. עס האָבן געשוויגן די ביינערדיקע הענט אונ די צונויפגענומענע אַרבל. עס האָט געשוויגן דער דאַך״.

דער צווייטער אַבזאַץ איז א דעטאַליזאַציע, א דעשיפרירונג פונעם ערשטן. פּרוּווט אָבער אַרויסוואַרפן די דרײַ מאָל „עס״:

„די זעלמעניאַנער האָבן באַשלאָסן אויסשווײַגן דאָס בייז. שווײַגעניש אַרבעט מען דאָ אַרויס פון זיך איינציקווײַז אַזוי, ווי א שפּין דעם שפּינוועבס.

האָבן געשוויגן די האַרטע ניט־געקאַמטע בערד, די אַראָפּגעלאָזענע נעזער. האָבן געשוויגן די ביינערדיקע הענט אונ די צונויפגענומענע אַרבל. האָט געשוויגן דער דאַך״.

דער צווייטער אַבזאַץ איז שוין געוואָרן א פּויעל־יוצע פונעם ערשטן, א רעזולטאַט. קולבאַק האָט, קלאָר, געוואָלט איינע אַרט פאַרבינדונג (דעשיפרירונג) אונ ניט געוואָלט א צווייטע (פּויעל־יוצע).

הייסט עס—דער הילפוואָרט „עס״ אָדער „ס״ אין אָנהויב זאַץ מאַכט, אַז דער זאַץ זאָל זײַן מער זעלבשטענדיק.

אָבער אַזאַ אויספיר איז נאָך צו איינזײַטיק—ער נייטיקט זיך אין ווײַטערדיקער פארטיפערונג אונ פארפינקטלעכונג. מיר האָבן דאָך אין יעדן ווערק אַסאַך אַזעלכע זאַצן, וואָס שטעלן ניט פאָר קיין דירעקטע פאָרזעצונג פונעם פריִערדיקן, אָדער קיין אַרײַנרײַס אין א מיטן אונ דאָך הייבן זיי זיך ניט אָן מיט „עס״ אָדער „ס״. אָט א שטייגער:

א שטילער עמעצער האָט אײַנגערוימט מיר הײַנט:
האָסט נעכטן, גלייב זשע מיר, באַצאָלט דײַן אַלטן וואָכער —
אונ רו אונ קלאָרקײַט זײַנען דײַנע פרײַנט
אַ גאַנצן טאָג.

האָפּשטײַן הייבט ניט אָן דעם זאַץ מיט „עס", „ס", און דאָך איז עס אן אָנהייב, ניט קיין מיטן, ניט קיין פאָרזעצונג.

צי אפילע אינעם פּרעדיקן בײַשפּיל פון כאַריקן:

און הינטער פענצטער ליגט א ווײַסע נאַכט,
און ווייכע שנייען לייגן זיך און לייגן,
עס האָט די ערד איין מידקײַט זיך פארטראַכט.
דער שלאָף בלײַבט שטיין א קלאָרער אין די אויגן...

דער פערטער פערז איז דאָך פונקט אזוי זעלבשטענדיק קעגן דעם דריטן, ווי דער דריטער—קעגן די ערשטע צוויי. און דאָך איז אין פערטן פערז, צום אונטערשייד פון דריטן, ניטאָ קיין „עס".

אָדער:

„גאַנצע פיר יאָר האָט זיך צווישן זיי געצויגן דער היימישער קליינשטעטל-דיקער שידעך, און געענדיקט האָט ער זיך אָט וויאַזוי..."

א בעפיירעשער אָנהייב פון א סוזשעט-ליניע — אָנעם „עס" און פון דער אַנ-דערער זײַט:

ס'דערהערט זיך סאָפּקאָלסאָפּ דער גערויש פון שמוליקס אָפּפאָרנדיקער בריטשקע...

אָן דעם „ס" וואָלט עס בעפּירעש געווען א דירעקטע פאָרזעצונג פון עפּעס פריערדיקס.

עס ווײַזט זיך ארויס, אז דער הילפ-וואָרט „עס" איז נייטיק דאַן, ווען באַלד נאָך אים גייט דער ווערב (געוויער — דער פערזאָניקער ווערב—דער ווערב אין דריטער פערזאָן):

ס'האָט מײַן מאמע... — נאָך „ס" קומט דער ווערב דריטע פערזאָן „האָט".
עס האָט די ערד... —דאָס זעלבע.
עס האָבן געשוויגן...—דאָס זעלבע.
ס'דערהערט זיך...—דאָס זעלבע.

הייסט עס, ווען דער הילפוואָרט „עס" וואָלט געפעלט, וואָלט זיך דער זאַץ אָנגעהויבן גלײַך פון א פערזאָניקן ווערב (ווערב מיט א פאָרמע פון פערזאָן). און דאַן וואָלט דער זאַץ געווען א דירעקטע פאָרזעצונג, א רעזולטאַט פונעם פריערדיקן. אנדערש גערעדט: די שטעלונג פון פערזאָניקן ווערב אין אָנהייב זאַץ מאַכט דעם זאַץ פאַר א פאָרזעצונג, פאַר א רעזולטאַט, פאַר א צוהאַנג צום פריערדיקן. דאָס לאָזט זיך גרינג דורכקאָנטראָלירן אַף בײַשפּילן:

מאַמעס זײַנען מאַמעס—זײַנען זיי ניט ביין.

דער צווייטער זאַץ איז א רעזולטאַט פונעם ערשטן, און דאָס איז דערגרייכט דורך דער שטעלונג פון פערזאָניקן ווערב (זײַנען) אין אָנהויב זאַץ. דאָס אייגענע וואָלט גע-קענט דערגרייכט ווערן אויך דורכן וואָרט „דעריבער" (מאַמעס זײַנען מאַמעס—דעריבער

זײַנען זײ ניט בײז), אָבער אָט די אונטערגעשטראַכטע לאָגישקײַט וואָלט אין באריקס פערזן געווען א פראָזאיִזם.

„איך וועל זײ אײַך ברענגען אהערצו,
און פרײס זיך מיט אײַער ניצאָכן:
איר האָט דען געשמאָמעט? צי הערצער?
— ברענגט!
און זײ לערנען...
אלײן איר...
מיר דארפן דאָ האָבן א שומער!
איז דער מעלאמעד געוואָרן צעטומלט,
געזעצט זיך.
פארבליבן געבויגן.

די לעצטע דרײַ פערזן זײַנען געבונדן מיט די פריִערדיקע דורך דער שטעלונג פונעם פערזאָניקן ווערב „איז“ אפן ערשטן אָרט. דאָס אײגענע וואָלט געקענט דערגרײכט ווערן דורכן וואָרט „דאן“—אָבער דאָס וואָלט (ווי אינעם פריִערדיקן בײַשפּיל) געווען א גראָבער פראָזאיִזם.

אָפטמאָל איז פאר פּאָעזיע פאסיקער אויסדריקן א פארבינדונג פון זאצן דורכן „פאַנערן“ מיטל—ווערטער־סײדער, אײדער דורכן „גרעבערן“ מיטל—דורך א ספּעציִעלן וואָרט. נאָך א בײַשפּיל:

און פיזשיקלעך,
זײ פילן זיך
ווי גרויסע,
שטײען זײ און נעמען אופ די געסט.
— — — האָט א ייִנגעלע געלײענט א „באריכט“,
האָט א מײדעלע געלײענט א „געדיכט“.

דער לײענער ווערט דאָ אריַנגעפירט מיטאמאָל אין סאמע מיטן פונעם קינדער־יאָנטעוו. דאָס איז שײן.

ווען מיר זוכן, ווו איז דער גראמאטישער מעכאניזם פון דער שײנקײַט—געפינען מיר אינעם ווערטער־סײדער:

האָט א ייִנגעלע...

דער זאץ (און אויך דער ווײַטערדיקער נאָך אים) הײבט זיך אָן גלײַך פון פערזאָניקן ווערב. אן אײנפאכער מיטל צו א פײַנעם סטיליסטישן עפעקט.

די פאָלקסמאסע ווײסט גוט אויסצונוצן דעם דאָזיקן ווערטער־סײדער אפ צוציִען די פאבולע אין א קעסײדערדיקער קײט, „ניט אָפּווײכנדיק רעכטס און לינקס“, צום בײַשפּיל:

עס איז געווען אמאָל א קײסער, האָט ער געהאט דרײַ זין,—צווײ קלוגע און אײנעם א נאר. האָט ער זײ אוועקגעשיקט לערנען אין אן אנדער מעדינע. זײַנען זײ אָפּגעווען אין דער פרעמד דרײַ יאָר... א. א. וו.

דער אויספיר—אז מע הײבט אָן א זאץ מיטן פערזאָניקן ווערב, איז ער א דירעקטע פאָרזעצונג, א רעזולטאט, אן ענג באהעפטער צוהאנג צום פריִערדיקן זאץ—מעט אונדז

ווערנ קלאָרער אונ זיכערער, ווענ מיר וועלנ פרווונ אינ די אלע בײַשפילנ איבערשטעלנ דעם פערזאָניקנ ווערב פונ זײַנ ערשטנ אָרט אפנ צווייטנ.

איכ הייב אָנ פונעם לעצטנ בײַשפיל:

> עס איז אמאָל געווענ א קייסער. ער האָט געהאַט דרײַ זינ—צוויי קלוגע אונ איינעמ א נאר. ער האָט זיי אוועקגעשיקט לערנענ אינ אנ אנדער מעדינע. זיי זײַנענ אָפגעווענ אינ דער פרעמד דרײַ יאָר...

די קייט האָט זיכ צעשאָטנ אפ באזונדערע רינגעלעכ; די מײַסע איז פארביטנ געוואָרנ אפ א כראָניק.

מאמעס זײַנענ מאמעס—זיי זײַנענ ניט בייז.

דער צווייטער זאצ דעשיפרירט דעם ערשטנ (ער דערקלערט, וואָס הייסט עס „מאמעס״), אָנשטאָט צו ווײַזנ א פועל־יוצא פונ ערשטנ, ווי דער פּאָעט האָט געוואָלט.

אונ פיזשיקלעכ,
זיי פילנ זיכ
ווי גרויסע,
שטייענ זיי אונ נעמענ אופ די געסט.
— — — א יינגל האָט געלייענט א באריכט
א מיידל האָט געלייענט א „געדיכט״.

(איכ מוז דאָ פארבײַטנ „יינגעלע״, „מיידעלע״ אפ „יינגל, מיידל״, קעדיי אויסשליסנ די ענדערונג אינ ריטמ—דאנ וועלנ מיר קענענ אופכאפנ דעם עפעקט, וואָס עס גיט די איבערשטעלונג פונ די ווערטער).

מיר דערפילנ, אז צווישנ די ערשטע שורעס אונ די לעצטע פעלט עפעס, די לעצטע שורעס פאלנ אפ אונדז אראָפ אומדערווארט.

אינ כאריקס טעקסט, אדערבע, ווײַזט אונדז דער ווערטער־סיידער גופע, אז מיר זײַנענ דאָ ארײַנגעפירט „אינ מיטנ פונ דער זאכ״. אפילע אינ אזא זאצ איז דער ווערטער־סיידער ניט צופעליק:

> „בא דעם פעטער פאָליענ איז פאראנ א זילבערנע סאָלניצע, האלט ער זי אָבער פארשלאָסנ בא זיכ אינ קעסטל״.

איכ זאָג „אפילע״, וואָרעם קולבאקס טעקסט שיידט זיכ קוים אונטער פונ אזא וואריִאנט:

> בא דעם פעטער פאָליענ איז פאראנ א זילבערנע סאָלניצע. ער האלט זי אָבער פארשלאָסנ בא זיכ אינ קעסטל.

אונ דאָכ איז אנ אונטערשייד פאראנ: בא קולבאקנ איז אנ אנדער אינטאָנאציע, אנ אנדער צונויפגעהעפטקײַט פונביידע זאצנ, איידער אינ דעם וואריִאנט, ווו דער פערזאָניקער ווערב איז געשטעלט ניט אפנ ערשטנ אָרט.

איצט קענענ מיר דעם פריִערדיקנ אויספיר אזוי איבערפאָרמולירנ:

געוויינלעכ קומט אינ זאצ דער פערזאָניקער ווערב ניט אפנ ערשטנ אָרט (א ווײַטערדיקע דערקלערונג וועט אונדז געוויזנ, אז ער קומט געוויינלעכ אפנ צווייטנ אָרט),

קומט ער אפּ ערשטנ אָרט, ווערט דער זאַצ דורכ דעמ ענגער פאַרבונדנ מיטנ פרעדיקן.

וואָס זשע קומט אינ זאַצ אפּנ ערשטנ אָרט דאַנ, ווענ דער פערזאָניקער ווערב איז אפּנ צווייטנ אָרט? אפּנ ערשטנ אָרט קענ קומענ דער סוביעקט, אנ אָביעקט, א צײַט־באַשטימונג, אנ אָרט־באַשטימונג א. א. וו. צ. ב.:

דער שלאָפּ בלײַבט שטײנ א קלאָרער אינ די אויגנ.

ערשטער אָרט—סוביעקט, צווייטער—פערזאָניקער ווערב, דערנאָכ גייענ די איבעריקע זאַצ־טיילנ.

א שטילער עמעצער האָט אײַנגערוימט מיר הײַנט...

ערשטער אָרט—סוביעקט (א שטילער עמעצער), צווייטער—פערזאָניקער ווערב, דערנאָכ גייט דער פּאַרטיציפּ (אײַנגערוימט) אונ די איבעריקע זאַצ־טיילנ.

דאָרט איבער שטעט האָט שוינ געקלונגענ
פונ שפּיצ פונ טורעמ אי איינס אי צוויי...

ערשטער אָרט—אָרט־באַשטימונג (דאָרט איבער שטעט), צווייטער—פערזאָניקער ווערב (האָט), דערנאָכ אדווערב (שוינ), פּאַרטיציפּ (געקלונגענ). אונ ווײַטער:

געקומענ איז א טאָג מיט א פּײַערדיקנ בליק.

ערשטער אָרט—פּאַרטיציפּ, צווייטער—פערזאָניקער ווערב, דריטער—סוביעקט.

בא דעמ פעטער פּאָליענ איז פאַראַנ א זילבערנע סאָלניצע.

ערשטער אָרט—אָביעקט (בא דעמ פעטער פּאָליענ), צווייטער—פערזאָניקער ווערב (איז), דערנאָכ—אדווערב (פאַראַנ) אונ סוביעקט.

אָדער דער ערשטער אָרט קענ פאַרנומענ ווערנ דורכנ הילפוואָרט „עס" (סע, ס), ווי אינ די בײַשפּילנ פונ וועלכע כ'האָב אָנגעהויבנ די אָפּהאַנדלונג.

איצט ווערט שוינ אונדז קלאָרער די פונקציע פונ דעמ דאָזיקנ הילפוואָרט. ער קומט אינ אָנהויב זאַצ מיט דער איינציקער פונקציע—צו פאַרנעמענ אנ אָרט ד. ה. ניט דער־לאָזנ, אז דער פערזאָניקער ווערב זאָל פאַרנעמענ דעמ ערשטנ אָרט אונ זאָל דורכ דעמ מאַכנ דעמ זאַצ פאַר א פאָרזעצונג, פאַר א מיטנ, פאַר א רינגעלע אינ א קייט.

אז די ראָליע פונ „עס" באַשטייט אינ פאַרנעמענ דעמ ערשטנ אָרט אינ זאַצ, איז קלאָר דערפונ, וואָס אפּ קיינ אנדער אָרט אינ זאַצ קומט ער ניט. קוימ פאַרנעמט ער ניט דעמ ערשטנ אָרט, איז ער קלאָר ניט נייטיק.

איכ רייד דאָ ניט וועגנ יענע זעלטענע פאַלנ, ווענ „עס" איז א סוביעקט אינ זאַצ, ווי צ. ב. בא בערגעלסאָנענ:

זע נאָר? ס'זאָל שוינ זײַנ די דעמבענע ווערדלעכ, זאָל עס שוינ זײַנ?

ס'איז פאַראַנ אנ איינפאַכער מעטאָד אפּ דערקענענ, ווענ עס איז א סוביעקט אונ ווענ א הילפוואָרט: אויב בא איבערשטעלונג פונ די ווערטער פאַרבלײַבט דער „עס"—איז ער א סוביעקט אָדער אנ אָביעקט, אויב ער פאַרשווינדט—איז ער א הילפוואָרט.

הייסט עס, א זאצ קען מען בויען בענעגייע דעם ווערטער־סיידער אפ פארשיידענע אופאנים. אָבער דאָ שטויסן מיר זיך אָן אפ נאָך א פראגע: ווי באלד אז דער הילפוואָרט „עס" קומט נאָר צוליב דעם, אז דער פערזאָניקער ווערב זאָל ניט שטיין אפן ערשטן אָרט, און ווי באלד אז דאָס אייגענע קען מען דערגרייכן דורך אנדערע מיטלען (שטעלן אפן ערשטן אָרט דעם סוביעקט, אָביעקט, אָרט־באשטימונג א. ד. גל.)—צו וואָס זשע דארף מען האָבן אָט דעם הילפוואָרט? אנדערש גערעדט—ווען נוצט מען אויס דעם הילפוואָרט?

לאָמיר פרווון פארשטיין: פארוואָס האָט האָפשטיין (אינעם ערשטן ביישפיל, וואָס כ'האָב אנאליזירט), וועלנדיק, אז זיין פערז זאָל פאסן אלס אן אָנהויב פון א געדיכט, ניט געשטעלט אפן ערשן אָרט דעם סוביעקט, דעם אָביעקט, צי אן אנדער זאצגליד, נאָר דאפקע אויסגענוצט דעם הילפוואָרט „ס"?

צוליב דעם דארפן מיר באטראכטן פארשיידענע מעגלעכע וואריאנטן פון האָפשטיינס פערזן:

1) אָנהייבן פונעם סוביעקט:

מיין מאמע
האָט נאָך אין אָנהייב פון מיין וועזן
דאָרט אפ הויכן בלויען סאמעט א. א. וו.

דאָ פלאָנטערן זיך יאמב און כאָריי; אויסער דעם ווערט דאָ דער סוביעקט (מיין מאמע) צו פיל אויסגעטיילט, צו פיל אקצענטירט—מער ווי האָפשטיין האָט עס געדארפט.

2) אָנהייבן פון פארטיציפ:

באוויזן האָט מיין מאמע
מיר נאָך אין אָנהויב פון מיין וועזן
דאָרט אפ הויכן בלויען סאמעט א. א. וו.

דאָ זיינען אויך געפלאָנטערט יאמב און כאָריי; דער צו שטארקער אקצענט אפן פאר־טיציפ איז דאָ אויך ניט בארעכטיקט.

3) אָנהויבן פונעם אומדירעקטן אָביעקט „מיר":

מיר האָט מיין מאמע
נאָך אין אָנהויב פון מיין וועזן, א. א. וו.

„מיר" באקומט דאָ אָבער א צו שטארקן אקצענט (מיר—האָט מיין מאמע) אָדער בלייבט שוין גאָר אָן אן אקצענט (מיר האָט מיין מאמע); אויסער דעם איז זיך שווער אן אייצע געבן מיטן ריטם.

4) אָנהויבן פון דער צייט־באשטימונג:

נאָך אין אָנהויב פון מיין וועזן
האָט מיין מאמע מיר באוויזן
דאָרט אפ הויכן בלויען סאמעט
אָט דאָס טעלערל פון הימל.

דאָ איז שוין גראָד די אקצענטירונג א פאסיקע, אָבער — גוואַלד דער ריטם! וואָס איז געוואָרן מיטן ריטם! האָפשטיינס אינטים־לירישע ליבהארציקייט איז דאָ פארביטן געוואָרן אפּ א מארש:

נאָך איין—אָנהויב—פון מײַן—וועזן
האָט מײַן—מאמע—מיר באַ—וויזן
טראטא־טראטא־טראט־אטאטא.

ווי וואָלט דער פּאָעט געקענט דערלאָזן אזא דיסהארמאָניע צווישן אינהאַלט און פאָרמע?
5) אָנהויבן פון אָביעקט:

אָט דאָס טעלערל פון הימל
האָט מײַן מאמע מיר באוויזן
נאָך איין אָנהויב פון מײַן ח'עזן
דאָרט אפּ הויכן בלויען סאמעט.

פאָרמעל איז דאָ דער ריטם ניט געפּלאָנטערט. אָבער — דער זעלבער בארבאן, וואָס איין פריַערדיקן וואריאַנט. דערצו נאָך איז די אקצענטירונג אין גאנצן צעקאַליעטשעט: די אָרט־באשטימונג באקומט א צו שטארקן אקצענט, זי ווערט דאָ גאָר דער צענטער פון האָפשטיינס שילדערונג. דער אָביעקט ווידער (אָ דאָס טעלערל פון הימל) ווערט דאָ עפּעס ווי א זאך, וואָס מען האָט שוין וועגן איר געשמועסט, און עפּשער ניט איין מאָל.
6) אָנהויבן פון דער אָרט־באשטימונג:

דאָרט אפּ הויכן בלויען סאמעט
האָט מײַן מאמע
נאָך איין אָנהויב פון מײַן וועזן
מיר באוויזן
אָט דאָס טעלערל פון הימל.

די אקצענטירונג וואָלט דאָ, ווי אין פאָריקן וואריאַנט געווען א פאסיקע, אָבער דער ריטם? דאָס איז שוין ניט קיין פּויק, ווי אין די וואריאנטן 4 און 5, אָבער דאָס איז (אויב מײַן געפיל פאר ריטם נארט מיך ניט) א צו גלאטיקער ריטם, א ריטם מיט צו־פיל און צו ביליקער שיינקייט. באמערקט די סימעטריע: 4 טאקטן—2 טאקטן—4 טאקטן—2 טאקטן—4 טאקטן. לאנגע און קורצע שורעלעך זײַנען אויסגעשטעלט ווי לויט א מאטע־מאטישער פאָרמולע.

דאָס איז ניט אזא שרײַענדיקער ווידערשפּרוך צום אינהאלט ווי דער טראטא־טאטא פון וואריאַנט 4, — אָבער א געוויסער ווידערשפּרוך, מיין איך, איז דאָ אויך פאראן.

דער איינציקער פאסיקער ריטם (פון יענע ריטמען, וואָס זײַנען מעגלעך באַם געגע־בענעם וואָרט־שטאָף) איז דער, וועלכן האָפשטיין האָט אויסגעקליבן (איך פארגין זיך דעם פארגעניגן ציטירן אים נאָכאמאָל):

ס'האָט מײַן מאמע
נאָך איין אָנהויב פון מײַן וועזן
דאָרט אפּ הויכן בלויען סאמעט
מיר באוויזן
אָט דאָס טעלערל פון הימל.

און אזא ריטם האָט געקענט פארווירקלעכט ווערן בלויז דאַן, ווען דער ערשטער אָרט אין זאַץ ווערט פארנומען דורכן הילפוואָרט „ס״.

האָפשטיין האָט די אַלע עקספערימענטן ניט דורכגעמאכט (אזוי מיין איך). א מענטש אָן טאלאנט וואָלט געקענט אָנשרײַבן א גוטן גערימט, מאכנדיק אלערליי קאָמבינאציעס פון ווערטער און אָפקלײַבנדיק די בעסטע (לויט א מאטעמאטישן כעזשבן וואָלט עס געקענט געדויערן יאָרן). א טאלאנטירטער פּאָעט פארשפּאָרט אָט די ארבעט: ער טרעפט גלײַך, אָדער נאָך ניט לאנגע זוכענישן, די פּאסיקע פאָרמע, אָבער ווען דער גראמאטיסט וויל ווײַזן, אז די אָדער יענע פאָרמע איז טאקע די פּאסיקע, קומט אים אויס עקספערימענטאל דורכצומאכן אזעלכע פּאראלעל־שטעלונגען, צו וועלכע דער פּאָעט גופע דארף ניט אָנקומען.

דאָס, וואָס מיר האָבן קאָנסטאטירט בענעגייע האָפשטיינס פערזן (ד. ה., אז פון אלע גראמאטיש־מעגלעכע וואריאַנטן איז דער בעסטער—דער וואריאַנט מיטן הילפ־וואָרט „ס״).— וועלן מיר קאָנסטאטירן אויך אין אנדערע פאלן, ווו דער שרײַבער קומט אָן צום הילפ־וואָרט „עס״ (אפ וויפל מיר אָפּערירן מיט בײַשפּילן פון אונדזערע בעסטע סטיליסטן). אומעטום ווערט זיך ארויסווײַזן, אז קעדיי דערגרייכן דעם זעלבן עפעקט (ד. ה., אז דער זאַץ זאָל ניט זײַן קיין „פאָרזעצונג״) אָן דעם הילפוואָרט „עס״, וואָלט מען געדארפט מאקריוו זײַן די אקצענטירונג אָדער דעם ריטם. א פּאָר בײַשפּילן נאָך:

און הינטער פענצטער ליגט א ווײַסע נאַכט
און ווייכע שנייען לייגן זיך און לייגן.
די לערערן האָט אין מידקײַט זיך פארטראכט...

דאָ איז ניטאָ קיין ריטם. פּרוּוון מיר אנדערש:

און הינטער פענצטער ליגט א ווײַסע נאַכט
און ווייכע שנייען לייגן זיך און לייגן
אין מידקײַט האָט די לערערן זיך פארטראכט.

ווידער אָן ריטם.
אנדערש:

און הינטער פענצטער ליגט א ווײַסע נאַכט
און ווייכע שנייען לייגן זיך און לייגן
פארטראכט האָט זיך די לערערן אין מידקײַט
דער שלאָף בלײַבט שטיין א קלאָרער אין די אויגן.

שוין אָפּגערעדט פונעם צעשטערטן גראַם (נאַכט—פארטראכט), איז די שטעלונג פרנעם שווערלעכן וואָרט „און מידקײַט״ אפן לעצטן אָרט אין זאַץ דאָ לאבסאָלוטן ניט פּאסיק. די איינציקע מעגלעכקײַט בלײַבט—די, וואָס כאריק האָט אויסגענוצט.
א בײַשפּיל פון פּראָזע:

און ס׳ציִען זיך אזוי די קורצע, פײַכטע טעג און יאָגן דאָס שטעטל אלץ טיפער און טיפער אין ווינטער ארײַן.

ס'איז אנ אָנהייב פונ אנ אבזאצ. דער פערזאָניקער ווערב סאָר דאָ ניט שטיינ אפנ ערשטנ אָרט. מיט וואָס־זשע וואָלט מענ געקענט דעם ערשטנ אָרט פארנעמענ, אויב ניט מיטנ הילפווארט „ס״? עפשער מיטנ סוביעקט?

אונ די קורצע, פײַכטע טעג ציִענ זיכ אזוי אונ יאָגנ דאָס שטעטל אלצ
טיפער אונ טיפער אינ ווינטער ארײַנ.

כ'וויס ניט, צי בערגעלסאָנ איז דאָ אויסנ געווענ א געוויסנ ריטמ אינ ענגערנ זינענ פונ וואָרט. אויב יאָ—וואָלט די שטעלונג פונ סוביעקט אינ אָנהויב זאצ אָט דעם ריטמ צעשטערט. אָבער אפילע אויב די זינגעוודיקײַט איז דאָ ניט געווענ אינ בערגעלסאָנס קאוואָנע—האָט סײַווי דער סוביעקט געדארפט שטיינ אינ סאָפ זאצ (ריכטיקער—אינ סאָפ ערשטנ טייל זאצ), אונ אָט פארוואָס:

בערגעלסאָנ קענ זאָגנ:

ס'ציִענ זיכ אזוי—

אונ דערנאָכ אָנווײַזנ דעם סוביעקט „די קורצע פײַכטע טעג״, ווענ ער וואָלט אָבער פריִער אָנגערופנ דעם סוביעקט:

די קורצע פײַכטע טעג—

וואָלט ער שוינ געדארפט דערציילנ וועגנ די טעג ניט, אז זיי „ציִענ זיכ אזוי״, גאָר עפעס קאָנקרעטערס, עפעס מער אינהאלטלעכס, מער וואָגיקס. א ניט וואָלט דער זאצ אָפגענארט דעם לייענערס דערווארטונג.

איז עפשער אָנהויבנ דעם זאצ מיטנ אדווערב?

אונ אזוי ציִענ זיכ די קורצע, פײַכטע טעג אונ יאָגנ דאָס שטעטל אלצ
טיפער אונ טיפער אינ ווינטער ארײַנ...

אָבער אזא ביבליזירטע אונטערשטרײַכונג פונעמ „אזוי״ וואָלט דאָ ניט געפאסט. דער איינציקער ווערטער־סיידער, וועלכנ בערגעלסאָנ האָט דאָ געקענט באנוצנ איז דער, וועלכנ ער האָט באנוצט.

צומ סאָפ, נאָכ א בײַשפיל—דער אויבנ אנאליזירטער פראגמענט פונ קולבאקנ.

די זעלמעניאנער האָבנ באשלאָסנ אויסשווײַגנ דאָס בייז. שווײַגעניש אר־
בעט מענ דאָ ארויס פונ זיכ איינציקווײַז, אזוי ווי א שפינ דעמ שפינוועבס.

געשוויגנ האָבנ די הארטע, ניט־
געקאמטע בערד, די אראָפּגעלאָזענע
נעזער. געשוויגנ האָבנ די
ביינערדיקע הענט אונ די
צונויפגענומענע ארבל.
געשוויגנ האָט דער דאכ.

די הארטע, ניט־געקאמטע בערד,
די אראָפּגעלאָזענע נעזער
האָבנ געשוויגנ. די ביינערדיקע הענט,
אינ די צוזאמענגענומענע ארבל
האָבנ ־געשוויגנ. דער דאכ האָט גע־
שוויגנ.

צי דארפ מענ דערווײַזנ, אזביידע אקצענטירונגענ זײַנענ אנדערש ווי די, וואָס מיר הערנ אינ קולבאקס טעקסט? אינ ערשטנ פאל (רעכטס) באקומט דער פארטיציפ דורכ זײַנ שטעלונג אינ אָנהויב זאצ א צו שטארקנ אקצענט. אינ צווייטנ פאל באקומט זיכ גאָר, דורכ אלציינעמ שלוס פונ אלע דרײַ זאצנ, עפעס א שפילעוודיקײַט, א לײַכטקײַט אינ סטיל.

פונ די אלע אנאליזנ פירנ מיר אויס א געזעצ—איינעמ פונ די געזעצנ פונ ייִדישנ סינטאקס; א געזעצ, וואָס ווערט אינ גראמאטישער טערמינאָלאָגיע פאָרמולירט אזוי:

א) דער פערזאָניקער ווערב קומט ביכלאל אפנ צווייטנ אָרט אינ זאצ.

ב) אויב ער קומט אפנ ערשטנ אָרט, גיט ער דעמ זאצ דעמ כאראקטער פונ א פאָרזעצונג, אנ ענגער פארבינדונג מיטנ פריִערדיקנ.

ג) ווענ מע דארפ, אז דער פערזאָניקער ווערב זאָל שטיינ אפנ צווייטנ אָרט אינ זאצ, קענ מענ דעמ ערשטנ אָרט פארנעמענ אָדער מיט אנ אנדער זאצטייל (סוביעקט, אָביעקט, פארטיציפ, אָרט־באשטימונג, צײַט־באשטימונג א. א. וו.), אָדער מיט א ספעציִעלנ הילפוואָרט „עס“ (אָדער „סע“, אָדער „ס“), וואָס זײַנ איינציקע פונקציע איז—רעגולירנ דעמ ווערטער־סיידער.

ד) ווענ קומט אפנ ערשטנ אָרט אנ אנדער זאצ־טייל אונ ווענ קומט דער הילפוואָרט „עס“—דאָס איז אָפהענגיק געוויינלעכ פונ די פאָדערונגענ פונ אקצענטירונג אונ ריטמ.

* * *

צוויי פאָסט־סקריפטומס. אינ דעמ ארטיקל האָב איכ געוואָלט אויסמײַדנ אָנצוּוואלגערנ באוואָרענישנ, „אָבערס“ אונ „אנדערע פאלנ“. דעריבער בינ איכ באוווּסטזיניק באגאנגענ א ריי אומפינקטלעכקײַטנ (א שטייגער, די שטעלונג פונ פערזאָניקנ ווערב אינ אָנהייב זאצ האָט אויכ אנדערע פונקציעס, כוצ דער דאָ אָנגעוויזענער). בא אנ אנדער געלעגנהײַט, אינ אנ אנדער „קאָנטעקסט“, בא א וויסנשאפטלעכ שטרענגערנ צוגאנג, וועל איכ האָפנטלעכ האָבנ א מעגלעכקײַט די אלע אומפינקטלעכקײַטנ צו קאָריגירנ. דאָ האָב איכ עס געדארפט אָנמערקנ, קעדיי ניט פארפירנ יענעמ לייענער, וואָס וועט עפשער באמערקנ, אז די שפראכ איז ניואנסנ־רײַכער אונ פילפארביקער, איידער עס קענ זיכ דוכטנ לויט מײַנ ארטיקל.

אינ דעמ ארטיקל האָב איכ געמוזט אָפערירנ מיט סטיליסטישע קאטעגאָריעס אונ שאצונגענ. זיי זײַנענ ניט אזוי אָביעקטיוו אונ זיכער ווי א שטייגער די קאטעגאָריע „שטעלונג פונ פערזאָניקנ ווערב“, בינ איכ דאָ געשטאנענ פאר א געפאר—צו אָפערירנ מיט אייגענעמ, ענג־סוביעקטיוונ סטיליסטישנ געשמאק, מיינענדיק, אז ער האָט א ברייטערנ, אָביעקטיוונ ווערט. צי האָב איכ די געפאר אויסגעמיטנ—וועגנ דעמ קענ בעסער, איידער איכ, אורטיילנ דער לייענער.

י. בראָנשטיין

# דער גרויסער דיכטער פונעם רוסישן פאָלק *)

(סאָף)

.III

פושקין האָט זײַן גאַנץ לעבן, אָנהייבנדיק פון זײַנע ליציי־לידער, געהאַסט דעם אַריסטאָקראַטישן האַמוין—אָט די אַלע נידערטרעכטיקע כניפעניקעס, צוויאַקעס, פוסטע מיטל־לײַט, פאַרקויפטע נעשאָמעס, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם טראָן. אָבער פושקין האָט אָן שום סאָפעק געהאַט אילויזיעס, אַז ס'איז פאַראַן אין רוסלאַנד אַזאַ שיכט אָרנטלעכע, קולטורעלע, פאָרגעשריטענע אַדעליקע, וואָס דאַרפן ווערן די פאָנען־טרעגער פון פרײַער מענטשלעכער ווירדע, פון פראָגרעס אין רוסלאַנד. דערפון האָט זיך גענומען פושקינס אויגעוועבענער „אַריסטאָקראַטיזם“, זײַן פאַרופן זיך אָפן אַדל־ייִכעס, אָפ זײַן „600־יאָריקן אַדל־ייִכעס“.

גאָרקי איז געווען פולשטענדיק גערעכט, ווען ער האָט אָט די דאָזיקע פושקינס אַדל־אילויזיעס באַטראַכט ווי פושקינס מיטל צו פאַרטיידיקן זיך קעגן דעם אַריסטאָקראַטישן האַמוין. גאָרקי שטרײַכט אונטער, אַז „פושקין האָט אַרײַנגעלייגט אין באַגריף אַדל אַ געפיל פון פערזענלעכער ווירדע, דעם באַוווּסטזײַן פון זײַן מענטשלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און פון זײַן אינערלעכער פרײַהייט“.

אין זײַן 600־יאָריקן אַדל־ייִכעס האָט פושקין געזען אַ מיטל אײַנצוהיטן זײַן פערזענלעכע פרײַהייט, זײַן מענטשלעכע ווערדע. וועגן דעם שרײַבט פושקין אין זײַן בריוו צו בעסטוזשעוו־מאַרלינסקי:

„בײַ אונדז זײַנען די שרײַבער גענומען פונעם העכסטן קלאַס פון דער געזעלשאַפט—דער אַריסטאָקראַטישער שטאָלץ גיסט זיך צונויף בײַ זיי מיט אויטאָרישער אייגנליבע. מיר האָבן ניט געוואָלט, אַז אונדז גלײַכע זאָלן ווערן אונדזערע מעצענאַטן. אָט וואָס דער אויסוואָרף וואָראָנצאָוו פאַרשטייט ניט. ער מיינט, אַז דער רוסישער פאָעט וועט קומען צו אים אין פאָדערצימער מיט אַ ווידמונג אָדער אַן אָדע.—יענער אָבער קומט מיט אַ פאָדערונג, מע זאָל אים שעצן ווי אַ 600־יאָריקן אַדעליקן, ס'איז אַ גוואַלדיקער אונטערשייד“.

דעם דאָזיקן געדאַנק שטרײַכט אונטער פושקין אין זײַן דערציילונג „עגיפּטער נעכט“. אין געשטאַלט פונעם דיכטער טשאַרסקי שטרײַכט אונטער פושקין דעם אונטערשייד צווישן אַ דיכטער, וואָס שטיצט זיך אָפ זײַן פאַמיליע־ייִכעס און בורזשואזע קינסטלער פון מײַרעוו־אייראָפּע, וואָס דאַרפן אָנקומען צום מעצענאַט.

---

*) זע „שטערן“ נומ. 1, 1937 י.

אָבער פושקינ איז געווענ א מענטש מיט א געאײַנישנ רעאַליסטישנ כוש. ער האָט לאנג נישט געקאָנט באַרויִקנ זיכ אַפ דער דאָזיקער אילוזיע.

אינ דער פאָעמע „דער קופערנער רײַטער" דעקט אופ פושקינ אַפ א געאײַנישנ אופנ דעם טראַגישנ קאָנפליקט צווישנ איינעם אזא אדעליקנ יעווגעני און דעם „קופערנעם רײַטער" — די פארקערפערונג פונ רוסישער זעלבסטהערשאפט. פאר פושקינענ איז שוינ קלאָר, אז אָט דער דאָזיקער „קופערנער רײַטער", וואָס האָט מיט אנ אײַזערנער צוים גאנצ רוסלאנד באַצווינגעט, וועט נישט שאנעווענ יעווגעניעס באַשיידענע אידעאַלנ וועגנ א פרײַענ אומאָפּהענגיקנ לעבנ.

סארא שטרענגע אומבעראכמאָנעסדיקע פארבנ פושקינ געפינט פאר דער געשטאַלט פונעם „קופערנעם רײַטער". ס'איז ניטאָ דוכט זיכ, קיינ קראפט, וואָס זאָל זיכ קענענ קעגנשטעלנ אָט דעם זיגרײַכנ מארש פונ דער זעלבסטהערשאפט. יעווגעני אנטלויפט, ווי די אויגנ טראָגנ אים. ער גייט אראָפּ פונ זינענ:

„Бежит и слышит за собою —
Как будто грома грохотанье —
Тяжёло-звонкое скаканье
По потрясенной мостовой.
И, озарен луною бледной,
Простерши руку в вышине,
За ним несётся всадник медный
На звонко скачущем коне".

אָבער ער פראָטעסטירט — אָטאָ דער דערשטיקטער יאָכיד.

פאר פושקינענ ווערט רײַפּ די געשטאַלט פונעם יאָכיד, וואָס צעבונטעוועט זיכ קעגנ דער אײַזערנער געזעצמעסיקײַט פונ דער געשיכטע און אפילע פונ דער נאטור. אזא איז אויכ דער גרונט־געדאנק פונ פושקינס „א מאָלצײַט אינ צײַט פונ פעסט".

פושקינ דערהויבט זיכ צום געדאנק, אז ס'איז פאראנ אנ אומשטערבלעכער רייצ אינעם קאמפ, אינ שטיינ אפנ ראנד פונ אָפּגרונט, אינ קוקנ דעם אומקום אינ די אויגנ, נישט א וואקל טאָנ זיכ און דערמיט ווערנ אומשטערבלעכ.

Есть упоение в бою,
И бездны мрачной на краю,
И в раз'яренном океане
Сред грозных волн и бурной тьмы,
И в аравийском урагане,
И в дуновении Чумы.
Всё, все, это гибелью грозит
Для сердца смертного таит
Неиз'яснимы наслажденья —
Бессмертья может быть залог!
И счастлив тот, кто средь волненья
Их обретать и ведать мог.

אָט די דאָזיקע צעבונטעװעטע יעכירים, שטעלט פושקין קעגן נישט בלויז דעם טעמפּן אריסטאָקראטישן האמוין, די פארקויפטע פוסטע הויף־לײַט. דער דיכטער שטעלט זײ קעגן אויך יענע קרײַזן פון דער רוסישער בורזשואזיע, מיט װעלכער ער האָט זיך שוין אָנגעשטויסן באזונדערס אין די לעצטע יאָרן זײַנע. פושקין האָט פאר זיך געשטעלט די פּראָבלעם פון דער בורזשואזיע, די פּראָבלעם פון געלט־באציִונגען, װאָס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פּא אנדערװיקלען אין ניקאָלײַיִשן רוסלאנד.

שוין אין 1824 י., אינעם שמועס צװישן דעם „ביכער־פארקויפער און דעם דיכטער שטעלט פושקין פאר דער ליטעראטור די פּראָבלעם פונעם נײַעם יאָרהונדערט, דעם „יאָרהונדערט פון הענדלער“. דער בוכהענדלער איז די פארקערפּערונג פון אָט דעם הענדלערישן יאָרהונדערט. ער פּריידיקט:

**Книгопродавец.**

Прекрасно. Вот же вам совет;  
Внемлите истине полезной:  
Наш век торгаш; в сей век железной  
Без денег и свободы нет...

— — — — — — — — — — — —

Поэт.

Вы совершенно правы. Вот вам моя рукопись.  
Условимся.

דער פּאָעט שטימט אײַן מיט אים און לייגט אים פאָר קויפן דעם דיכטערישן מאנוסקריפּט לויט אלע געזעצן פון הענדלערישן יאָרהונדערט. אין אָט די דאָזיקע שורעס האָבן װולגארע קריטיקער געפּרוּװט אײַנזען פושקינס קלוימערשטן קער אפּ די פּאָזיציעס פון בורזשואזער װעלט־אָנשויונג. פושקין האָט קלוימערשט זיך געשטעלט אפן שטאנדפּונקט פון בורזשואזן פּראָפעסיאָנאליזם. פושקין איז קלוימערשט געװאָרן אַן אידעאָלאָג פון דער אופשטײַגנדיקער בורזשואזיע.

עס איז אָבער גענוג זיך צו באקענען מיט פושקינס דיכטערישע טעקסטן, מיט זײַנע פובליציסטישע ארויסטרעטונגען, נאָטיצן און בריװ, קעדײַ זיך איבערצײַגן, אז פושקין האָט געהאסט די ערשט־אופגעקומענע בורזשואזע געלט־באציִונגען נישט װייניקער װי די פארקויפטע אדל־לײַט. אין יול 1824 י. האָט פושקין אין זײַן װענדונג צו װאָראָנצאָװן געשריבן:

„איך דורשט נאָר איינס—אומאָפּהענגיקײַט. מיט דרײַסטקײַט און אײַנגעשפּארטקײַט װעל איך סאָפּקאָלסאָפּ זיך דערשלאָגן דערצו. איך האָב שוין גױװער געװען מײַן עקל צום שרײַבן און פארקויפן לידער צוליב פּארנאָסע“...

אין א צװייטן אָרט שרײַבט פושקין: געלט האָב איך װייניק ליב, נאָר איך שעץ זײ אלס דעם אייניצן מיטל צו אָנשטענדיקער אומאָפּהענגיקײַט.

פושקין האָט שטענדיק מיט עקל געקוקט אפּ אָט די אָנגרײַפנדיקע נײַע בורזשואזע געזעלשאַפטלעכע באציִונגען. ער האָט אין דער פּאָעמע „דער קארגער ריטער“ ארויסגעטראָגן א שארפן אורטײל דעם גײַסט פון בורזשואזער געלט־אָנזאמלונג. אין דער דערציילונג „דאמע פּיק“ דעקט אוף פושקין אין דער געשטאלט פונעם הויפּט־העלד גערמאן דעם מאָראלישן אָפּגרונט, צו װעלכן עס פירט דער דראנג נאָך געלט.

פּושקין האָט אָן שום ספק נישט געטיילט מיט זײַנע כאַווײרים—די דעקאַבריסטן,
די איליוזיעס וועגן דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. פּושקין האָט שוין פאַר זיך געהאַט אַ
בולטן בײַשפּיל דערפון, צו וואָס עס גייט די בורזשואַזע געזעלשאַפט אין מײַרעוו־
איירָאָפּע. אין זײַן אַרטיקל „וועג־געדאַנקען“ שרײַבט פּושקין וועגן צושטאַנד פונעם ענג־
לישן פאַבריק־אַרבעטער:

„לייענט איבער די אָנקלאָגעס פון די ענגלישע פאַבריק־אַרבעטער: די האָר שטעלן
זיך קאַפּויער פון שוידער. וויפל עקלהאַפטע פּײַניקונגען, אומפאַרשטענדלעכע יע־
סורים, סאַראַ קאַלטע באַרבאַרישקײַט פון איין זײַט און פון דער צווייטער—סאַראַ
שרעקלעכע אָרעמקײַט! איר מיינט, עס האַנדלט זיך וועגן בויען פאַרעס פּיראַמידן,
אָדער וועגן ייִדן, וואָס אַרבעטן אונטער די שמיץ פון די עגיפּטער. עס הויבט זיך
נישט אָן. עס האַנדלט זיך וועגן די געוואַנטן פונעם ה' שמיד אָדער וועגן די נאָדלען
פונעם ה' דזשאַקסאָן. און באַמערקט, אַז דאָס אַלץ איז נישט קיין מיסברויכן, נישט
קיין פאַרברעכן, נאָר עס קומט פאָר אין די שטרענגע גרענעצן פון געזעץ. דאַכט
זיך, אַז עס איז נישטאָ אין דער וועלט אַ נאָך מער אומגליקלעכער איידער דער
ענגלישער אַרבעטער. גיט אַ קוק, וואָס טוט זיך דאָרט, ווען עס ווערט דערפונדן אַ
נײַע מאַשין, וואָס באַפרײַט פון קאַטערזשנער אַרבעט אַ 5־6 טויזנט
מענטשן און לאָזט זיי איבער אָן מיטל צו לעבן“.

פאַר פּושקינען איז קלאָר, אַז די בורזשואַזע געזעלשאַפט פירט סאָפּקאָלסאָפּ צו דער זעל־
בער פאַרשקלאַפונג פון מענטשן, ווי די געזעלשאַפט פון לײַבאייגנטום. מיט זײַן געאיי־
נישן רעאַליסטישן כוש דערהויבט זיך פּושקין צו פאַרשטיין, אַז די בורזשואַזע געזעל־
שאַפט איז אין טאָך אַ נײַער וואַריִאַנט פון עקספּלואַטאַטאָרן־געזעלשאַפט. אינעם אַרטיקל
„דזשאָן טענער“ שרײַבט פּושקין וועגן דער אַמעריקאַנישער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע:

„מיט פאַרוווּנדערונג האָט מען דערזען די דעמאָקראַטיע אין איר עקלהאַפטן ציניזם,
אין אירע אַכזאָריעסדיקע פאַרורטיילן, אין איר אומדערטרעגלעכער טיראַנערײַ“. פּושקין
האָט נישט געקענט מויכל זײַן דער אַמעריקאַנער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, וואָס זי דער־
לאָזט פאַרשקלאַפונג פון נעגערן.

אין אַ אויסצוג אָפּ דער טעמע „וואָס איז אַזוינס אדל“ האָט פּושקין גאַנץ קלאָר אויס־
געדריקט זײַן קעגנערשאַפט נישט בלויז צו דער זעלבסטהערשאַפט, נאָר אויך דער בור־
זשואַזער אָליגאַרכיע. פּושקין שרײַבט אין פאָרם פון פראַגעס און ענטפערן:

—„ווער שטעלט פאָר מיט זיך דעם אדל אין דער רעפּובליק?

— די רײַכע מענטשן, וואָס פון זיי האָט דאָס פאָלק פּאַרנאָסע.

— און אין דער מלוכע (אין דער מאָנאַרכיסטישער)?

— די קריגס־לײַט, וואָס שטעלן פאָר מיט זיך די גוואַרדיע און דאָס מיליטער פון
דער מלוכע.

— מיט וואָס פאַרענדיקט דער אדל אין דער רעפּובליק?

— מיט אַן אַריסטאָקראַטישער אָרדענונג.

און אין דער מלוכע?

— מיט דער פאַרשקלאַפונג פון פאָלק.

„A־Б

אפילו פון די דאָזיקע נישט פאַרענדיקטע אויסצוגן און שטיקלעך פאַרצייכענונגען
קאָן מען זיך אָנשטויסן, אַז נישט אין די נײַע אויפגעקומענע בורזשואַזע געלט־באַציִונגען

האָט פושקינ געזוכט דעם אויסוועג פאר זיך. פושקינ, אזוי ווי שפעטער גערצענ האָט געהאלטנ, אז אָט די נײַע בורזשואזע באציִונגענ זײַנענ סאָפקאָלסאָפ בלויז א נײַע פאָרם פונ עקספלואטאציע. דערמאָנט זיך גערצענס אָפשאצנ די מײַרעוו־אײראָפײִשע בורזשואזע דעמאָקראטיע, וועלכע האָט שוינ צו יענער צײַט אָנגעהויבנ אופדעקנ די סימפטאָמענ פונ איר קינפטיקער צעפוילונג. גערצענ האָט געשריבנ:

„אויב מיר וועלנ זיך אופהויבנ אביסעלע העכער, וועט דער אונטערשייד צווישנ פאריזש, לאָנדאָנ אונ פעטערבורג פארשווינדנ אונ עס וועט פארבלײַבנ איינ פאקט: א מערהײַט, וואָס ווערט צעקוועטשט פונ א געבילדעטנ האמוינ.

אי בולגארינ, אי די איבעריקע בורזשואזע „בוך־הענדלער", וואָס האָבנ אינ זייער קאמפ קעגנ פושקינס אריסטאָקראטיזם דעמאגאָגיש זשאָנגלירט מיט פראזנ וועגנ „דעמאָקראטישקײַט"—זיי אלע זײַנענ אָנשום סאָפעק געווענ פושקינס קעגנער פונ רעכטס.

אוואדע, האָט פושקינ נישט דערשאצט די פראָגרעסיווע זײַטנ פונ די נײַע אָנקומענדיקע בורזשואזע באציִונגענ. אוואדע, איז דאָס געווענ אנ אויסדרוק פונ פושקינס שטאנדישע פארורטיילנ. פושקינ האָט אינ א גאנצע ריי ערטער גייווער געווענ אָט די דאָזיקע פאָרורטיילנ אונ ניט זעלטנ ארויסגעטראָטנ, ווי א קעמפערישער פאָרשטייער פונ בורזשואזער אופקלערערײַ. נאָכ אינ 1826 י. האָט פושקינ אינ א בריוו צו וויאזעמסקינ זיך געטיילט מיט זײַנ פלאנ צו אנטלויפנ פונ רוסלאנד קיינ מײַרעוו־אײראָפע, קעדיי געניסנ דאָרט פונ דער מײַרעוו־אײראָפײִשער קולטור. „מיר לעבנ—האָט ער געשריבנ וויאזעמסקענ—אינ א טרויעריקער צײַט, אָבער ווענ איכ שטעל זיכ פאָר לאָנדאָנ, אײַזנבאנ־וועגנ, דאמפ־שיפנ, ענגלישע זשורנאלנ, אָדער פאריזשער טעאטרענ... דאמלסט ווארפט אפ מיר אָנ מײַנ טויבער העק—מיכײַלאָווסקאָיע, נודנעקײַט אונ ווילדנ צאָרנ".

פושקינ האָט געוווסט, אז ניקאָלײַס אָרדענונג איז נישט פייִק דערפירנ דאָס פאָלק צו אָטאָ דעם מײַרעוו־אײראָפײִשנ בורזשואזנ פראָגרעס. „אינ יעווגעני אָניעגינ" האָט פושקינ איראָניש געשריבנ וועגנ דעם, אז עפשער אינ א יאָר 500 ארום וועט רוסלאנד באדעקט ווערנ מיט שאָסיי־וועגנ אונ „בא יעדער סטאנציע וועט דאָס קריסטלעכ פאָלק אוועקשטעלנ א טראקטיר". פושקינ איז געווענ אינ קורס פונעם מײַרעוו־אײראָפײִשנ רעוואָליוציאָנערנ אונ פראָגרעסיוו בורזשואזנ געדאנק. פושקינענ זײַנענ געווענ נאָענט די פראנצויזישע ענציקלאָפעדיסטנ אונ שפעטער די פראנצויזישע סאָציִאליסטנ־אוטאָפיסטנ (סענ סימאנ, לעמאָשל).

אָבער פושקינס געאיינעס פונ א גרויסנ מײַסטער—א רעאליסט האָט אים געגעבנ די מעגלעכקײַט דערזענ שוינ דאמלסט אינ דער בורזשואזער געזעלשאפט די קינפטיקע זוימענ פונ צעפוילונג, דעמ עקספלואטאטאָרישנ טאָכ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט. פושקינ האָט, קריטיקירנדיק די נײַע אופגעקומענע בורזשואזע באציִונגענ, זאָל זײַנ אפילע פונ זײַנע אילויזאָרע אדל־פאָזיציעס, אָנשום סאָפעק ארויסגעדריקט דאָס פאָרגעשריטענע, וואָס איז געווענ דענסטמאָל אינ דער רוסישער געזעלשאפט. אָבער אזא פאָזיציע האָט אומפארמײַדלעכ געמוזט סאָפקאָלסאָפ שטעלנ פאר פושקינענ די פראָבלעם פונ פאָלק, פונ פאָלקס־אופשטאנד. אינ פושקינס באוווסטזײַנ האָט אלצ אָפטער אונ אָפטער זיכ אָנגעהויבנ קלאפנ די געשטאלט פונ פאָלק, די געשטאלט פונעם פויער מיט דער בונטארישער האק אינ האנט. אינ די לעצטע יאָרנ פונ זײַנ לעבנ האָט פושקינ ניט צופעליק אָנגעהויבנ זוכנ א נאָענטע אידייִשע מיטארבעטערשאפט מיט בעלינסקענ—דעם גרויסנ רוסישנ קריטיקער, דעם רעוואָליוציאָנערנ פויערשנ דעמאָקראט.

אינעם „בריוו צום פאַרלעגער“ שרײַבט פּושקין אין 1836 י.

„ס׳איז א שאָד, וואָס ריידנדיק וועגן „טעלעסקאָפּ“, האָט איר ניט דערמאָנט בעלינסקען, מע זעט אין אים א טאַלאַנט, וואָס גיט גרויסע האָפענונגען“.

אָט די דאָזיקע באַציִונג פון פּושקינען צו בעלינסקין איז באַזונדערס וויכטיק אונטערצושטרײַכן, מאַכמעס דער איניציאַטאָר פון דער דאָזיקער דערנעענטערונג איז געווען פּושקין, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס בעלינסקי האָט אין די ערשטע אָנפאַנגערישע יאָרן פון זײַן ליטעראַריש־קריטישער אַרבעט ניט שטענדיק פּאָזיטיוו זיך באַצויגן צו פּושקינס ווערק (לעמאָשל צו פּושקינס פּראָזע).

דער וועג צו דער פּויערישער רעוואָליוציע—בעלינסקיס וועג, טשערנישעווסקיס, דאָבראָליובאָווס וועג—אָט דאָס איז געווען דער וועג, וואָס האָט די לעצטע יאָרן פון פּושקינס לעבן געצויגן צו זיך דעם דיכטער. פּושקין איז טראַגיש אומגעקומען און ניט באַוויזן רעאַליזירן אָט די דאָזיקע זײַנע פּאָליטיש־שעפערישע פּלענער. מיצקעוויטש, פּושקינס פרײַנט, האָט אין זײַן אַרטיקל, וואָס ער האָט אָנגעשריבן באַלד נאָך פּושקינס טויט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט פּושקין זייער שטאַרק פאַרטראַכט זיך איבער זײַן ווײַטערדיקן פּאָליטישן וועג.

אין א גאַנצער ריי ווערק פון די לעצטע יאָרן זײַנע שטעלט פּושקין אין דער אָדער יענער פאָרם, אָפט פאַרמאַסקירט, קעדיי ניט ארײַנפאַלן אין די לאַפּעס פון דער צענזור, די פּראָבלעם פון פּאָלק־אופשטאַנד. די דאָזיקע פּראָבלעם שטייט פאַר פּושקינען ביים ער שרײַבט זײַנע „סצענעס פון ריטערישע צײַטן“, זײַן „געשיכטע פון דאָרף גאָריוכינאָ“, „דובראָווסקי“, „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער“.

„די געשיכטע פון דאָרף גאָריוכינאָ“ איז טייקעף אופגענומען געוואָרן פון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט ווי א דאָקומענט פון קאַמף קעגן לײַבייגנטום. דאָ האָט פּושקין געאייניש געשאַפן יענע קאַנווע פאַר סאַטיריש־פּאָליטישער פּראָזע, וואָס דערנאָך איז עס אזוי צוניצגעקומען דער רעוואָליוציאָנער־פּויערישער דעמאָקראַטישער ליטעראַטור (לעמאָשל, סאַלטיקאָוו־שטשעדרינען). בעלינסקי האָט אויך געפונען פאַר נייטיק אין א האַלב־פאַרוואָלירטער פאָרם געבן אָנצוהערן, אַז פּושקינס „געשיכטע פון דאָרף גאָריוכינאָ“, פאַרמאָגט צוגלײַך מיט לײַכטן שפּאַס „ערנסטע זאַכן“...

ס׳איז גענוג צו דערמאָנען דעם באַרימטן פּריצישן טאָג־בוך, וואָס פּושקין ברענגט אין זײַן דאָזיקער דערציילונג:

„4־טער מײַ—שניי. גרישקען געשלאָגן פאַר זײַן גראָבקײַט.
6־טער—געפאַלן די ראַבע בעהיימע. סענקען געשלאָגן פאַר שיקרעס.
8־טער—א גוטער וועטער.
9־טער—א רעגן מיט א שניי. גרישקען געשלאָגן צוליבן וועטער“.

אזוי האָט מען דאָך אין צאַרישן רוסלאַנד געפּײַניקט מיליאָנען גרישקעס און סענקעס. פּושקין האָט ניט געקענט פאַרבײַגיין אָט די אַלע שרעקלעכע סצענעס. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס פּאָלק זאַמלט קויכעס צו אזא אופשטאַנד, אַז די ערד וועט א ציטער טאָן.

אין זײַן ניט פאַרענדיקט ווערק „סצענעס פון ריטערישע צײַטן“ האָט פּושקין פּרוּווּנדיק אויסבאַהאַלטן די אַקטועלקײַט פון זײַן טעמע אונטערן שלייער פון ווײַטע ריטערישע צײַטן, פאַנאַנדערגעוויקלט אַן אינטערעסאַנטע גאַלעריי געשטאַלטן.

פראַנצ, „אַן אָרעמער ריטער“, אָבער א מענטש פון „דרייסטן און אָפענעם גײַסט“,

דערפילט אנ עקל צו זײַנ טאטנ—דעם געלט־זאמלער—א טיפישנ פאָרשטייער פונ די אָנ־ גרײַפנדיקע בורזשואזע געלט־באציִונגענ. פראנצ האָט פײַנט אָט די דאָזיקע מאכט פונ געלט. ער מיינט, אז איידלקײַט אונ קולטור, עכטע מענטשלעכע דערהויבנקײַט קאָנ מענ בלויז געפינענ אינעם ריטערישנ שלאָס. פראנצ אנטלויפט פונ זײַנ פאָטער. ער פארלירט זײַנ פאָטערס יערושע. אָבער אינעם ריטערישנ שלאָס צווישנ די רײַכע, טעמפע אומענטש־ לעכע פעאָדאלנ דערפילט פראנצ ווידעראמאָל זײַנ איינזאמקײַט. אויכ בא זיי—אינעם ריטער־שלאָס געפינט ניט „דער אָרעמער ריטער" פלאצ פאר עכטער מענטשלעכער ווערדע. ער ווערט באליידיקט, געשלאָגנ. פראנצ קומט דאנ צום לעצטנ אויספיר. ער אָרגאניזירט אנ אופשטאנד פונ פאָלק קעגנ די פעאָדאלנ. דער אופשטאנד ענדיקט זיכ מיט מאפּלע. פראנצ זינגט זײַנ בארימטע אָפשייד־ליד:

ФРАНЦ (поёт)

Жил на свете рыцарь бедный,
Молчаливый и простой,
С виду сумрачный и бледный,
Духом смелый и прямой.

Он имел одно виденье,
Непостижное уму,
И глубоко впечатленье
В сердце врезалось ему.

צי איז דענ פושקינ גופא נישט געווענ דער זעלבער „אָרעמער ריטער" דער שטוענ־ גער, פאָשעטער דרייסטער אונ אָפענער קעמפער פאר מענטשלעכער ווערדע?

אים האָט אויכ פארפאָלגט א זעונג, א געשפענסט, וואָס „דער סייכל קאָנ עס ניט באגרײַפנ". דאָס איז דאָס געשפענסט פונעם פאָלק, וואָס האָט פײַנט אי דעם אדל־האמוינ, אי דעם געלט־האמוינ.

אינ דער דערציילונג „דוברעָווסקי" ווערט אינ טאָכ ווידעראמאָל (איצט שוינ אפ רוסישנ מאטעריאל!) געשטעלט די זעלבע פראָבלעם. דער יונגער דובראָווסקי איז דאָכ אויכ א מינ „אָרעמער ריטער". זײַנ סוינע, דער פאָרעצ טראָיעקוראָוו, נעמט צו פונ אים אלצדינג, רויבט צו פונ אים זײַנ מאיאָנטעק. דער צארישער געזעצ שטיצט טראָיעקוראָוונ. דער יונגער דובראָווסקי איבערצײַגט זיכ, אז עס איז ניטאָ קיינ עמעס, אז עס איז פאר־ בליבנ איינס: נייקעמ זײַנ זיכ. דובראָווסקי ווערט אנ אייגנארטיקער רויבער־העלד. (שילערס „רויבער"). פושקינ באהאלט ניט אויס פונעם לייענער, אז ווײַטער פונ פער־ זענלעכער נעקאָמע גייט ניט דובראָווסקי. דובראָווסקי באטראכט זײַנ אקט פונ נעקאָמע ווי אנ אקט פונ פארצווייפלונג, ווי אנ אנטימאָראלישנ אקט. צום סאָפ פונ דער דערציילונג געזעגנט זיכ דובראָווסקי מיט זײַנ אָטריאד אונ גיט זיי אָנצוהערעניש, אז זיי דארפנ זיכ פאנאנדערגיינ אונ ווערנ „לײַטישע" מענטשנ.

אָבער דערפאר איז טאקע באזונדערס וויכטיק אָפצומערקנ ווי פושקינ באווײַזט דוב־ ראָווסקיס פויערימ. אָט די דאָזיקנ פויערימ גייענ אסאכ ווײַטער פונ זייער פראָנדירנדיקנ פאָרעצ—דובראָווסקי. דובראָווסקי קאָנ נישט צאמענ דעמ פאָלקס־צאָרנ. ס'איז געווענ זיכ צו דערמאָנענ אָנ דער געשטאלט פונעם שמיד ארכיפ. פושקינ ווידמעט אָט דער דאָזיקער געשטאלט בלויז א פאָר זײַטלעכ. אָבער ס'איז אינטערעסאנט אָפצומערקנ, אז ווי נאָר פושקינ—דער רעאליסט קומט אינ א בארירונג מיט געשטאלטנ פונ פאָלק ווערנ בא אימ אָט די דאָזיקע געשטאלטנ באהויכט מיט הערויִק, מיט פאָלק־פאשטעס, מיט פאָלק־קלוג־ שאפט. דער פויער ארכיפ באגייט זיכ גאנצ אומבעראכמאָנעסדיק מיט זײַנע קלאסנ־סאָ־

נים—דעם איספראַווניק אונ די טשינאָווניקעס. ער פאַרשפּאַרט זיי אינ א שפּײַכלער, פאַרשליסט זיי (קעגנ דובראָווסקיס ווילנ!) אונ צינדט אונטער דעם שפּײַכלער. אָבער ווענ ער דערזעט אפנ דאַכ פונעם ברענענדיקנ שפּײַכלער א קאַץ, וואָס ווייס ניט וויאַזוי זיכ צו ראַטעווענ פונ פײַער, וואַרפט זיכ דער שמיד אַרכיפּ אינ פײַער אונ ראַטעוועט די קאַץ...

געוויינלעכ, ווענ מע רעדט וועגנ פושקינס באַציִונג צום פויערישנ אופשטאַנד, ציטירט מענ זײַנ באַרימטע שורע פונ דער דערציילונג „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער": „באַהיט גאָט צו זענ דעם רוסישנ בונט—אַנ אומזיניקנ אונ אומבאַראַכמאָנעסדיקנ".

צי איז אָבער דער שמיד אַרכיפּ אַנ אומזיניקער אונ אומבאַראַכמאָנעסדיקער?

אוואַדע האָט פושקינענ געשראָקנ אָט דער געשפּענסט פונעם פויער מיט דער האַק. גלײַכצײַטיק האָט אים אָבער די דאָזיקע געשטאַלט געצויגנ. פושקינ פלעגט אינ היציקע שמועסנ מיט זײַנע כאַווײרים ניט איינמאָל אויסשרײַענ, אַז ער וואָלט אַליינ פאַרצויגנ דאָס שטריקל אפנ האַלדז פונעם אַדל. אינ זײַנע נאָטיצנ צו דער געשיכטע פונ פוגאַטשאָוונ האָט פושקינ פאַרשטעלטערהייט (צוליב דער צענזור!) געגעבנ אָנצוהערעניש, אַז אַכוץ דער מיינונג וועגנ פוגאַטשאָוונ, ווי וועגנ אַנ אויסוואָרף, איז פאַראַנ נאָכ א מיינונג וועגנ פוגאַטשאָוונ, ווי וועגנ א העלד.

אומעטום, וווּ פושקינס געאייניקער רעאַליסטישער טאַלאַנט הויבט אים אופ איבער זײַנע פאָרורטיילנ, וווּ דער לעבנס-עמעס שרײַט אַרויס פונ די שורעס („ניט געקוקט אפ די אָנשויונגענ פונעם אווטער", ווי ענגעלס וואָלט געזאָגט) אומעטום אַנטפּלעקט זיכ דער רוסישער בונט, דער רוסישער פויער מיט דער האַק אינ האַנט, אינ לעגענדאַריש-העראָישער שײַנ, דערהויבנ, אָנציִענדיק.

פושקינס דערציילונג „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער" זאָגט אײדעס וועגנ דעם:

דאָ ניט לאַנג האָט א רויטאַרמייער אפ די שפּאַלטנ פונ „פּראַוודאַ" געשריבנ אַז ער האָט ליב פושקינענ פאַר זײַנ דערציילונג „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער".

> „מיר איז פושקינ טײַער—שרײַבט א רויטאַרמייער—דערפאַר, ווײַל ער האָט אָנגעשריבנ „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער" אונ דערפאַר, ווײַל פוגאַטשאָוונ ווי א העלד אונ א פירער פונ פויערישער רעוואָליוציע האָט ער דורכגעפירט אינ לעבנ, אינ פאָלק אונטער דער שילד פונ „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער". אַזוי אַרום האָט פושקינ אָפּגענאַרט ניקאָלײַ דעם ערשטנ... ניינ, ניט „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער", נאָר פוגאַטשאָוו איז דער עכטער העלד פונ דער דערציילונג".

דער יונגער רויטאַרמייער האָט אָנשום סאָפעק אַרויסגעוויזנ דאָ זייער פיל כוש פאַר פושקינס ליטעראַרישער ירושע. פושקינ נוצט אויס אַלע געלעגנהײַטנ, קעדיי אַרויסדרוקנ אפנ פאָדער-גרונט פוגאַטשאָוונ. פושקינ באַצירט די סצענעס פונ פוגאַטשאָווס אופשטאַנד מיט פײַנע פאָלקס-לידער, פאָלקס-ווערטלעכ, געווידמעטע פאָלקס-אופשטאַנדנ. די דאָזיקע לידער רופנ זיכ איבער מיט סטענקאָ ראַזינס פויערישנ אופשטאַנד, אונ סטענקאָ ראַזינענ האָט פושקינ, ווי באַקאַנט, באַטראַכט ווי „די סאַמע פּאָעטישע געשטאַלט אינ רוסלאַנד". די פוגאַטשאָוו-געשטאַלט שרעקט אונ גלײַכצײַטיק ציט זי צו זיכ דעם יונגנ גריניאָוו—דעם פאָרשטייער פונ יענעם פּאָשעטנ, „פאָלקישנ", אָרנטלעכנ אַדל-שיכט, וואָס אפ אים האָט פושקינ געלייגט אַזאַכ האָפענונגענ אינעם קאַמפּ פאַר באַפרײַטע רוסלאַנד. ס'איז גענוג זיכ צו דערמאָנענ אָנ דעם באַרימטנ גריניאָווס כאָלעם, אינ אָנהויב פונ דער דערציילונג „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער". גריניאָוו פאָרט אינ בעלאָגאָרער פעסטונג. אפנ וועג יאָגט אים אָנ

א זאווערוכע. די פערד בלײַבן שטיין. גריניאָוו ווערט אנטשלאָפן: אים כאָלעמט זיך: ער באקומט א ידיעה פון דערהיים, אז דער טאטע איז געפערלעך קראנק. ער—גריניאָוו קומט צופאָרן אהיים, ער לויפט ארײַן צום פאָטער אין שלאָף־צימער און פלוצלינג:

„אָנשטאָט מײַן פאָטער, זע איך עס ליגט אין בעט א פויער מיט א שווארצער באָרד און ער קוקט אפ מיר פריילעך. איך האָב א צעטומלטער זיך געווענדעט צו דער מאמען און געזאָגט איר: וואָס באטײַט עס? דאָס איז דאָך נישט דער טאטע און וואָס עפעס דארפ איך בעטן א בראָכע בא א פויער? אלציינס, פעטרושע, האָט מיר געענטפערט די מאמע. דאָס איז דײַן קרייצונג־פאָטער; גיב אים א קוש אין האנט און זאָל ער דיך בענטשן... איך האָב ניט אײַנגעשטימט. דענסטמאָל איז דער פויער אראָפּגעשפרונגען פון בעט, ארויסגעכאפט א האק פון אונטער דער פלייצע און אָנגעהויבן פאָכען אין אלע זײַטן. איך האָב געוואָלט אנטלויפן... און נישט געקענט; דער צימער איז פול געוואָרן מיט טויטע קערפערס; איך האָב זיך פארטשעפעט אָן די קערפערס און געגליטשט זיך אין בלוטיקע קאלוזשעס. דער שרעקלעכער פויער האָט גאָר פרײַנטלעך מיך גערופן: האָב ניט קיין מוירע, קום צו מיר איך וועל דיך בענטשן".

אָט דער דאָזיקער כאָלעם באקומט א באזונדערן באטײַט, ווען מען פארטראכט זיך איבער פושקינס באציִונג צום פויער מיט דער בונטארישער האק. פושקינען האָט געצויגן צו זיך די דאָזיקע פיגור. עס האָבן אים געשרעקט די טויטע קערפערס און די קאלוזשעס בלוט, אָבער גלײַכצײַטיק האָט ער זיך נישט געקאָנט באפרײַען פון אָט אָ דעם רוף: „האָב נישט קיין מוירע, קום צו צו מיר, איך וועל דיך בענטשן".

פוגאטשאָוו וואקסט אויס פארן לייענער ווי א העראָאישער קעמפער, א מענטש פון עכטער גרויסמוטיקײַט. ניט צופעליק איז דאָך דער גרונט סיוזשעטישער מאָטיוו—דער מאָטיוו פונעם האָז־טולופּ—א מאָטיוו, וועלכער שטרײַכט אונטער פוגאטשאָווס פאָלקישע גרויסמוטיקײַט. דער רוסישער אָפיצער גריניאָוו האָט אים אמאָל געשאָנקען א האָז־טולופּ און דאָס פארגעסט ניט פוגאטשאָוו זײַן גאנץ לעבן. ער צאָלט אים דערפאר גרויסמוטיק אָפּ דערמיט, וואָס ער שענקט אים עטלעכע מאָל דאָס לעבן.

צי איז דאָס א געשטאלט פון „אן אומזיניקן, אומבעראכמאָנעסדיקן" בונטאר?

ווען דער אָפיצער גריניאָוו פרוווט אָנשרעקן פוגאטשאָוון, ענטפערט אים אָפּ פוגאטשאָוו מיט אזא קאלמיקיש מײַסעלע: „אמאָל האָט אן אָדלער א פרעג געטאָן א קראָ: זאָג מיר, קראָ־פויגל, פאר וואָס לעבסטו אפ דער וועלט 300 יאָר און איך, סאכאקל, 33? דערפאר, פאָטערל, האָט געענטפערט אים די קראָ, ווײַל דו טרינקסט לעבעדיק בלוט און איך עס פאדלע. האָט א טראכט געטאָן דער אָדלער: לאָמיר אויך א פרווו טאָן אזוי שפּײַזן זיך. גוט, זײַנען זיי אוועקגעפלויגן—דער אָדלער און די קראָ. אָט זעען זיי עס ליגט א פאדלע־פערד. האָבן זיי זיך אראָפּגעלאָזן. די קראָ האָט אָנגעהויבן פּיקן און לויבן אין טאָג ארײַן. דער אָדלער האָט א פּיק געטאָן איין מאָל, צוויי מאָל, א פאָך געטאָן מיט די פליגל און געזאָגט דער קראָ: ניין, ברודערל, קראָ, איידער לעבן 300 יאָר און עסן פאדלע, איז בעסער כאָטש איינמאָל זיך אָנטרינקען מיט לעבעדיק בלוט און ווײַטער—וואָס גאָט וועט געבן".

אָט די העראָאישע פאָלקס־מײַסע האָט פושקין ניט צופעליק געבראכט אלס פוגאטשאָווס אן ענטפער.

אומעטום, ווו עס זיגט פושקינס קינסטלערישער רעאליזם, טרעט ארויס פוגאטשאָווס

הערציִק. פושקינ זעט אפילע די גרונט־קויכעס, אפ וועלכע עס האָט זיכ באזירט דער פוגאטשאָוו־אופשטאנד. אינ דער סצענע מיט דער שווימענדיקער טליִע דעקט אופּ פושקינ די סאָציִאלע באזע פונעמ פוגאטשאָוו־אופשטאנד. אפ דער טליִע, וואָס טראָגט זיכ איבערנ טײַכ, הענגענ אנ אלטער טשוּוואש, א זאוואָדישער רוסישער פויער אונ א רוסישער פאנשטשינע־פויער. דאָס איז טאקע געווענ די גרונט־באזע פונ פוגאטשאָווס אופשטאנד: פויערימ, ארבעטער פונ אוראלער פריצישע זאוואָדנ אונ אונטערגעדריקטע פעלקער.

* * *

פושקינ איז געפאלנ אינ קאמפ, וואָס ער האָט איינ מעשעכ פונ יאָרנ געפירט קעגנ דער זעלבסטהערשונג.

דער קייסער ניקאָלײַ האָט גאנצ גוט געוווּסט, וויִאזוי עס האָט זיכ געגרייט די לעצטע שענדלעכע רעכילעס־קאָמפּאניע קעגנ פושקינען. די צארישע אָכראנקע האָט גענוי געוווּסט ווו אונ ווענ עס וועט פאָרקומענ דער דועל, אפ וועלכנ פושקינ איז געוואָרנ טויט־פארוווּנדעט. דער נישטיקער אָפיצערל דאנטעס—א נידערטרעכטיקער מאָנארכיסטישער עמיגראנט פונ פראנקרײַכ—האָט געטאָנ דאָס, וואָס ניקאָלײַ האָט באפוילנ. „א פוסט הארצ שלאָגט רויִק", האָט וועגנ פושקינס מערדער געשריבנ לערמאָנטאָוו. דאָס האנט פונעמ מערדער האָט ניט קיינ ציטער געטאָנ, ווענ ער האָט געצילעוועט אינ בעסטנ זונ פונעמ רוסישנ פאָלק.

פושקינ האָט געפילט באזונדערס אינ די לעצטע יאָרנ, אז פריִער, שפעטער וועט מוזנ קומענ אָט דער לעצטער בלוטיקער דועל זײַנער מיט דער גאנצער צארישער זעלבסטהערשאפט־סיסטעמ. פושקינ האָט עס געפילט נאָכ אינ 1834 י., ווענ ניקאָלײַ, וועלנדיק עפנטלעכ דיסקרעדיטירנ פושקינען, וועלנדיק באליידיקנ פושקינס פאמיליע־ערע, האָט באשטימט פושקינען פאר א קאמער־יונקער. פושקינ איז דעמאלט אלט געווענ 35 יאָר, אונ לויט דעמ דעמאלטדיקנ הויפ־עטיקעט פלעגט מענ אלס קאמער־יונקערס באשטימענ בלויז יונגע לײַט. פושקינ האָט פארשריבנ בא זיכ אינ טאָג־בוכ: „דעמ 1־טנ יאנוואר 1834 י., אייערנעכטנ, האָט מענ מיכ באערט מיטנ טיטל קאמער־יונקער (וואָס עס פאסט ניט פאר מײַנ עלטער), אָבער דעמ הויפ ווילט זיכ, אז נאטאליע ניקאָלײַעוונא זאָל טאנצנ אינ אניטשקאָוו־פאלאצ".

פושקינ האָט גאנצ גוט פארשטאנענ, וועלכע צילנ ניקאָלײַ האָט זיכ געשטעלט, ווענ ער האָט פושקינען באטיטלט מיטנ טיטל קאמער־יונקער. אינעמ טאָג־בוכ פארשרײַבט פושקינ אזעלכע צאָרנדיקע שורעס: „דער קייסער איז נישט צופרידנ, וואָס איכ האָב זיכ ניט אָפּגערופנ וועגנ מײַנ קאמער־יונקערײַ מיט דאנקבארקײַט אונ גערירטקײַט.—אָבער איכ קאָנ זײַנ אנ אונטערטאנ, אפילע א שקלאפ, נאָר א כלאָפּ אונ א לעצ, וויל איכ ניט זײַנ אפילע באמ הימלשנ קעניג".

א פאָר טעג פארנ דועל האָט פושקינ געהאט א שמועס מיט ניקאָלײַען. אונ אינעמ דאָזיקנ שמועס האָט ער אימ ניט צווײדײַטיק באשולדיקט אינ נאָכשלעפנ זיכ נאָכ זײַנ פרוי—נאטאליע ניקאָלײַעוונען.

פושקינ איז געווענ דער איניציִאטער פונ דועל.

ער האָט ניט געוואָלט פאָלגנ זײַנע פרײַנט, וועלכע האָבנ געפרוווּט דערווײַזנ דעמ דיכטער, אז פושקינס ערע איז אומבאפלעקט. פושקינ האָט אינ זינענ געהאט ניט זײַנ פערזענלעכע פאמיליע־ערע, נאָר דעמ קאָוועד פונ דער גאנצער רוסישער ליטעראטור,

דעמ קאָוועד פונ רוסלאנד, פונעמ רוסישנ פאָלק. „פושקינ האָט אינ דועל געזוכט אָדער זײַנ טויט, אָדער אָפּרעכענענ זיכ מיט דער גאנצער הויפ־געזעלשאפט״ אזוי האָבנ אָפּגעשאצט פושקינס פרײַנט זײַנ דועל.

פושקינ איז אומגעקומענ.

עס האָט זיכ געענדיקט זײַנ לאנגיאָריקער טראגישער געפעכט מיט דער זעלבסטהערשאפט.

אפילע נאָכ זײַנ טויט האָט די צארישע זעלבסטהערשאפט זיכ געשראָקנ פאר אימ. פושקינס קערפּער האָט מענ שטילערהייט אפ א פראָסטנ פויערשנ שליטנ, באדעקט מיט שטרוי אונ ראָגאָזשעס, אָפּגעפירט אינ פסקאָווער גובערניע, אינ סוויאטאָגאָרער מאָנאסטיר. פאָרויס איז געפאָרנ א זשאנדארמסקער אָפיצער.

אפילע דער דיכטער זשוקאָווסקי, וועלכער איז געווענ א לאָיאלער הויפ־דיכטער, האָט ניט אויסגעהאלטנ אונ אָנגעשריבנ נאָכ פושקינס טראגישנ אומקומ א בריוו דעמ שעפ פונ דער אָכראנקע—בענקענדאָרפנ. אינעמ בריוו שרײַבט זשוקאָווסקי:

„וואָס פארא רו האָט ער (ד. ה. פושקינ—י. ב.) געקענט האָבנ בא זײַנ טעמפּעראמענטפולער באטריבטער נעשאָמע, בא זײַנע געענגטע שטובּיקע באדינגונגענ, אינ דער סוויווע פונ הויפ־לײַט, צו וועלכער ער איז געווענ צוגעשמידט דורכ דער אומפארמײַדלעכקײַט. דער קייסער האָט זיכ דערקלערט פאר זײַנ פערזענלעכנ צענזאָר. ס'איז א גרויס גענאָד... יכ'וועל אָבער זאָגנ אָפנ, אז די דאָזיקע גנאָד האָט געשטעלט פושקינענ אינ זייער א שווערער לאגע... א שארפער סייכל איז ניט קיינ מעלוכע־פארברעכנ...״

אָבער דער צאריזמ האָט טאקע ניט געקאָנט דולדנ קיינשומ „שארפנ סייכל״.

דעמ רוסישנ אדעליקנ ראדישטשעוו, וועלכער האָט געוואגט שרײַבנ קעגנ לײַבייגנטומ האָט מענ דערפירט צו זעלבסטמאָרד. דער רוסישער שרײַבער פאָנוויזינ—דער אוטער פונ „ניעדאָראָסל״, איז דערפירט געוואָרנ צו מעשוגאס אפ דער עלטער. טשאאדאַיעוו, פושקינס פרײַנט אונ מיטקעמפער, וועלכער האָט געוואגט שרײַבנ קעגנ דער צארישער אָרדענונג, האָט מענ אָפיציעל דערקלערט פאר א מעשוגענעמ. דעמ רוסישנ גרויסנ דראמאטורג גריבאָיעדאָוו—דעמ אוטער פונ „צאָרעס פונ סייכל״ האָט מענ פארטריבנ קיינ פערסיע אונ דאָרטנ איז ער טראגיש אומגעקומענ.

דער צאריזמ איז געווענ אינ מעשעכ פונ דויערס דער בלוטיקער טאליענ פונ רוסלאנד. ער האָט אומגעבראכט די בעסטע זינ פונעמ רוסישנ פאָלק.

די גרויסע פּראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט געמאכט א סאָפ צו אָט דער שענדלעכער צארישער „ראסייע״. אפ א זעקסטל־כיילעק פונ דער וועלט איז, אונטער דער אָנפירונג פונ כאווער סטאלינ, אויסגעבויט געוואָרנ דער סאָציאליזמ. פושקינס העראָישע געשטאלט האָט קיינמאָל ניט, ווי איצט, אופגעלויכטנ פאר דער גאנצער פּאָרגעשריטענער מענטשהײַט ווי א פאקעל, וואָס באלויכט דעמ וועג פאָרויס. פושקינס קעמפערישער רופ: „זאָל לעבנ די זונ, זאָל פארשווינדנ ווערנ די פינצטערניש״ גיסט זיכ צונויפ מיטנ קעמפערישנ רופ פונ הונדערטער מיליאָנענ האָרעפאשניקעס אינ דער גאנצער וועלט, וואָס גייענ אינ שלאכט קעגנ דער פאשיסטישער פינצטערניש, קעגנ די בלוטדורשטיקע היטלערס אונ טראָצקעס. דאָס איז דער רופ צומ קאמפ פאר קאָמוניזמ, פאר די גרויסע אידייענ פונ לענינ אונ סטאלינ.

ו. קירפּאָטינ

# דער סאָציאַלער זינ פונ פּושקינס קאָנפליקט מיט דער ווירקלעכקײַט *)

(ס אָ פ)

פושקינ האָט זיכ פארטראכט וועגנ קאפיטאליזמ, ער האָט פארגליכנ די סאָציאַלע אָרדענונג פונ רוסלאנד מיט דער סאָציאַלער אָרדענונג פונ ענגלאנד. די ביז קאפיטאליסטישע סטרוקטור פונ רוסלאנד האָט פושקינ אָפּגעשאצט אלס העכערע פאר די אייגנטלעכע באציִונגען אינ ענגלאנד, וועלכע איז שוינ דורכגעגאנגענ דורכ דער אינדוסטריעלער איבערקערעניש, מיט אירע ווונדערלעכע אנטאגאָניזמענ פונ רײַכטומ אונ אָרעמקײַט. ·עס איז זייער וויכטיק, וואָס די נעגאטיווע באציִונג פונ פושקינען צו דער סאָציאַלער סטרוקטור פונ דעמ סאמע פאָרגעשריטענעמ לאנד פונ אייראָפּע איז ארויסגערופנ געווענ דורכ דער לאגע פונ אירע פאָלק־מאסנ, דורכ דער אומגעהערטער עקספּלואטאציע פונ פּראָלעטאריאט אונ זײַנ פולקאָמער ניט באזאָרגטקײַט. די לאגע פונעמ רוסישנ לײַבייגנטימערישנ פויער האָט פושקינ געהאלטנ פאר אומפארגלײַכלעכ מער באפרידיקנדיק איידער די לאגע פונעמ ענגלישנ פּראָלעטאריער:

„לייענט איבער די אָנקלאגעס פונ די ענגלישע פאבריק־ארבעטנדיקע: די האָר שטעלנ זיכ קאפויר פונ גרויל. וויפל העסלעכע פּײַניקונגענ, אומפארשטענדלעכע מאטערנישנ! סארא קאלטע בארברישקײַט—פונ איינ זײַט; פונ דער אנדערער זײַט, סארא שרעקלעכע אָרעמקײַט! איר קענט מיינענ, אז איר האָט דאָ צו טאָנ מיט בויענ פארעס פּיראמידעס, מיט די ייִדנ, וואָס ארבעטנ אונטערנ בײַטש פונ די עגיפּטיאנער. דורכויס ניט: איר האָט דאָ צו טאָנ מיט די געוואנטנ פונעמ הער סמידט אָדער מיט די נאָדלענ פונעמ הער דזשאקסאָנ. אונ באמערקט, אז דאָס אלצ איז ניט קיינ מיסברויכ, ניט קיינ פארברעכנ, נאָר דאָס קומט פאָר אינ שטרענגע ראמענ פונ געזעצ. עס דאכט זיכ, אז ס'איז ניטאָ אינ דער וועלט אומגליקלעכער פארנ ענגלישנ ארבעטנדיקנ, נאָר גיט א קוק וואָס עס טוט זיכ דאָרטנ באמ דערפינדנ א נײַע מאשינ, וואָס ראטעוועט פלוצלינג פונ קאטערגע־ארבעט א 5־6 טויזנט פונעמ פאָלק אונ וואָס נעמט בא זיי צו די לעצטע מיטלענ צו דערנערנ זיכ... בא אונדז איז ניטאָ עפּעס ענלעכעס צו דעמ, די שטײַערנ זײַנענ אינ אלגעמיינ ניט שווער. דער אינדיווידועלער שטײַער ווערט געצאָלט פרידלעכ; די

---

*) זע שטערנ נומ. 1 1937 י.

בארשטשינע איז באשטימט פונעם געזעצ; דער שטײַער־אָפצאָל רויִרט ניט (אויסער אינ דער נאָענטקײַט צו מאָסקווע אונ פעטערבורג, ווו די פארשיידנארטיקײַט פונ די אומזאצנ פונ דער אינדוסטריע פארשטארקט אונ צערײַצט די גיריקײַט פונ די באלעבאטים). דער גוטבאזיצער, וואָס לייגט ארופ שטײַער־אָפצאָל, לאָזט איבער אפ העפקער זײַנ פויער צו באקומענ דאָס דאָזיקע, וויאזוי אונ ווו ער וויל. דער פויער האנדלט צו מיט וואָס ער וויל נאָר אונ גייט אוועק אמאָל אפ 2000 וויאָרסט צו פארדינענ זיכ געלט... מיסברויכנ איז אומעטום אסאכ; קרימינעלע איניאָנים זײַנענ אומעטום שרעקלעכ" (א רײַזע פונ מאָסקווע אינ פעטערבורג", קאפיטל 5 „דאָס רוסישע שטיבל").

די לאגע פונ די ענגלישע פראָלעטאריער הויבט אופ בא פושקינענ די האָר קאפויר פונ גרויל! דער ווײַטזיכטיקײַט פונ פושקינענ פארשאפט קאָוועד, וואָס ער באטראכט די אומגליקנ פונ די ארבעטער ניט אלס רעזולטאט פונ מיסברויכנ אונ צופעליקע באדינגונגענ, וואָס קענענ באזײַטיקט ווערנ, נאָר ווי א רעזולטאט פונ דער סיסטעם אונ דעם געזעצ. פושקינ האָט אינ א געוויסער מאָס פארשטאנענ דעם אינערלעכנ מעכאניזם פונעם קאפיטאליסטישנ פראָגרעס, וואָס האָט זיכ אנטוויקלט אפ די ביינער פונ די פראָלעטאריער. די אומגליקנ פונ די פאָלק־מאסנ אינ ענגלאנד פארגלײַכט דער פאָעט מיט די בילדער פונ דער עגיפטישער קנעכטשאפט. דער יאָכ פונ די עגיפטישע קנעכט האָט זיכ עסטעטיש פארגרינגערט אינ פושקינס אויגנ צוליב דער ביבלישער ווײַטקײַט פונ יענע צײַטנ אונ צוליב דער געטלעכער גרויסקײַט פונעם אזיאטישנ דעספאָטיזם פונ פארעאנ, נאָר די מאכט איבער די פאָלק־מאסנ, די אנאלאָגישע מאכט פונ די הערשער פונ עגיפעט אינ די הענט פונ די באגרענעצטע באלעבעסלעכ, די סמידס אונ די דזשאקסאָנס, האָט צוגעגעבנ דער סאָציאלער טראגעדיע פונ יענער צײַט א דערנידעריקונג־ניואנס, לויט פושקינס שטאנדפונקט, ווולגאריטעט.

לויט פושקינס מיינונג האָט דער רוסישער לײַב־אייגענער אײַנגעהיט צוזאמענ מיט א גרעסערנ כיילעק באזאָרגטקײַט מער מענטשלעכע ווירדע, געשיקטקײַט, איניציאטיוו, ציכטיקײַט. דער רוסישער לײַב־אייגענער האָט זײַנ וווינונג, זײַנ שטוב, א גאראנטיע אפ א וועלכנ ניט איז מינימום פונ פערזענלעכנ לעבנ אונ אומאָפהענגיקײַט. באם פראָלעטאריער איז דאָס אויכ ניטאָ.

פושקינ איז געוויסנהאפט פארפירט געווענ. ער האָט ניט פארשמירט די שווערע לאגע פונ די פויערים, נאָר ער האָט געהאלטנ, אז דאָס איז א רעזולטאט פונ מ י ס ב ר ו י כ נ. מיר האָבנ שוינ ציטירט: „מיסברויכנ איז אומעטום אסאכ; קרימינעלע איניאָנים זײַנענ אומעטום שרעקלעכ",—אונ פושקינ, ווי ער וואָלט זיכ אָפגעהיט פונ ניט ריכטיקע אויסטײַטשונגענ, כאזערט ווידער איבער: „ראטעווע מיר, גאָט, צו זײַנ אנ אָנהענגער אונ א פריידיקער פונ קנעכטשאפט; איכ זאָג בלויז, אז דער וווילשטאנד פונ די פויערים איז ענג פארבונדנ מיטנ נוצנ פונ די גוטבאזיצער—אונ דאָס איז אָנשוילעכ פאר יעדערנ. מיסברויכנ באגעגנט מענ אומעטום".

קעדיי אָפשאצנ פושקינס עוואָליוציע, איז זייער אינטערעסאנט אנטקעגנשטעלנ די געבראכטע געדאנקענ פונ פושקינען, וואָס געהערנ צום 1833—1835 י. י. מיטנ „דאָרפ", וואָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ אינ 1819 י., אינעם פעריאָד פונ דעם פאָעטס סאמע שארפנ פרײַדענקען. די אָפשאצונג פונ דער לאגע פונ די לײַב־אייגענע פויערים אינ די ביידע פעריאָדנ איז אינגאנצנ די זעלבע. סײַ אינ 1819 י. קוקט פושקינ זייער אָפטימיסטיש אפ די מאטעריעלע באדינגונגענ פונ דער עקזיסטענצ פונ די פויערים. א וווינונג

אונ א בעהיימע גייענ ארײַנ אלס אטריבוטנ אויכ אינ דער פּאָעטישער באשרײַבונג פונעם דאָרפ, אָנטיילנעמענדיק אינעם שאפנ דעם עסטעטישנ עפעקט, וואָס איז באפארבט אינ ליכטיקע טענער:

„...געשטרייפטע פעלדער, פליינענ,
דאָרט ווײַט—צעשאָטנ שטיבלעכ קליינע
אפ טויזק־פּײַכטע ברעגעס בלאָנקענדיקע פי,
אמבארנ רויכלדיקע, פליגל־מילנ שיינע;
אלצ רעדט דאָ פונ צופרידנקײַט אונ מי“.

די אָפּשאַצונג פונ דער מאטעריעלער לאגע פונעם רוסישנ פּויער האָט זיכ קימאט ניט געענדערט בא פּושקינענ, נאָר זײַנע פּאָליטישע אָנשויונגענ האָבנ זיכ זייער באדײַטנדיק געענדערט.

פּושקינ, וועלכער זוכט פרידנ מיט דער זעלבסטהערשונג, בלײַבט אויכ אזוי ניט באפרידיקט מיט דעם לײַב־אייגנטום־רעכט, ווי אויכ אינעם דעקאבער־פעריאָד. דער יונגער פּושקינ האָט בלויז געהאָפט, אז דער טערמינ פונ באפרײַענ די לײַב־אייגענע איז נאָענט אונ דער דערוואקסענער פּושקינ, פּושקינ דער געפאנגענער פונ ניקאָלײַ דעם ערשטנ, האָט מיט באדויערונג געזענ, אז די באדינגונגענ פונ ליקווידירנ די קנעכטשאפט זײַנענ ניט צײַטיק געוואָרנ. „די לאגע פונעם פּויער,—פארענדיקט זיכ דאָס קאפּיטעלע „רוסישע שטיבל“ אינעם ארטיקל, פונ וואנענ עס זײַנענ גענומענ די אלע איבערגעבראכטע ציטאטעס,—פארבעסערט זיכ פונ טאָג אפ טאָג אינ דער מאָס ווי עס פארשפּרייט זיכ די בילדונג... דער ווילשטאנד פונ די פּויערים איז ענג פארבונדנ מיטנ ווילשטאנד פונ די גוטבאזיצער; דאָס איז אָנשוילעכ פאר יעדערנ. געוויס; עס דארפנ נאָכ דורכגיינ גרויסע ענדערונגענ; אָבער מע דארפ ניט אײַלנ די צײַט, וואָס איז אויכ אָנ דעם שוינ גענוג טעטיק. די בעסטע אונ שטארקסטע ענדערונגענ זײַנענ יענע, וואָס קומענ פאָר פונ דער איינער פארבעסערונג פונ די זיטנ, אָנ די באוואָפנטע פּאָליטישע אומװעלצונגענ, וואָס זײַנענ שרעקלעכ פאר דער מענטשהײַט...“

פּושקינ האָט פּאטריארכאל פארייניקט די אינטערעסנ פונעם גוטבאזיצער אונ דעם פּויער. דאָס האָט זיכ גענומענ פונ זײַנ לאגע אלס אדעליקער, אָבער אינ דער זעלבער צײַט ווײַזט די שטרעבונג צו ליקווידירנ דאָס לײַב־אייגנטום־רעכט, אז די פּושקינישע קריטיק פונעם קאפּיטאליזם האָט אָפּגעשפּיגלט די נעגאטיווע באציִונג צו אים מיצאד די פאָרשטייער פונ דער פארקאפּיטאליסטישערווירטשאפט, ניט בלויז אינ דער פּערזאָנ פונ די הערשנדיקע, נאָר טיילווײַז אויכ אינ דער פּערזאָנ פונ די אונטערדריקטע, אינ דער פּערזאָנ פונ די עקספּלואטירטע. אונדז דארפ דערבײַ ניט אָפּשטעלנ פּושקינס מוירע פאר דער רעוואָליוציע. דער רוסישער מוזשיק, וואָס איז דאנ נאָכ געווענ א רעליגיעזער פונ טרײַער אונטערטאנער, האָט אינ זײַנ איבערוועגנדיקער מערהײַט אינ יענער צײַט אויכ געוואַרט אפ א פארגרינגערונג פונ זײַנ לאגע פונ אויבנ.

די נעגאטיווע באציִונג צומ קאפּיטאליזם, צו געלט, אונ צו דער קאפּיטאליסטישער מאָראל האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט אויכ אינ פּושקינס קינסטלערישנ שאפנ. די הויפּט־אידיי פונ „קארגנ ריטער“—איז די מאכט פונ געלט, וואָס מאכט אומענטשלעכ. דער זונ פונעם קארגנ ריטער, אלבער,—איז ניט קיינ שלעכטער יאט. ער איז אנ עפּיקורייער, א ליידיקגייערישער הוליאקע, א טיפּ, צו וועלכנ פּושקינ האָט זיכ שטענדיק באצויגנ אינ א

וועלכער ס׳איז מאָס מיט מיטגעפיל. דער פאָרשלאג פונ דעם „זשיד״ צו פארסאמענ דעם פאָטער פאָטויפעט זיכ ניט פאָשעט אינ אָנהויב אינ זײַנ קאָפּ. פארשטייענדיק אים, ווערט ער אופגערייצט, פארוואנדלענדיק פונדעסטוועגנ דאָ אפנ אָרט זײַנ אופגעבראכטקײַט אינ א כיטרנ מיטל אָפּנעמענ די געלט בא דעם ניט פּאָרזיכטיקנ פּראָצענטניק. פונדעסטוועגנ נעמט אופ אלבער מיט פרייד דעם ארויסרופ פונ פאָטער, האָפנדיק דערהארגענענ אים אינ א געזעצלעכנ דועל, קעדיי פארגיכערנ דאָס באקומענ די יערושע. די מאכט פונ געלט פארניכטעט די מאָראל־יעסוידעס. דעם זונ שרעקט ניט די פּערספּעקטיוו פונ פאָטער־מאָרד, ער באדויערט, וואָס דער הערצאָג שטערט אים צו דערהארגענענ דעם פאָטער.

דער זונ קענ שוינ ניט פארשטיינ דעם גרויל פונ הערצאָג, דעם פאָרשטייער פונ די פעאָדאלע ווירטעטיקײַטנ, וואָס ווערט פארניכטעט דורכנ געלט.

ער איז באומרויִקט מיט דער פרידנס־געשטעלטקײַט פונעם הערצאָג. נאָר אויכ אלבערס פאָטער, דער קארגער ריטער, האָט אָנגעוואָרנ דעם מענטשלעכנ אויסזענ אונטער דער מאכט פונ געלט. ער איז ברוטאל, ער דערשלאָגט זיכ זײַנע אויצרעס פאר יעדער פּרײַז. דאָס גאָלד האָט פארניכטעט די פּאטריִארכאלקײַט פונ די אלטע צײַטנ, פארבײַטנדיק זי מיט פאלשקײַט אונ פארברעכנ.

דער קארגער ריטער ווייס די פארניכטנדיקע קראפט פונ געלט, נאָר ער געפינט זיכ שוינ אינגאנצנ אונטער זײַנ מאכט. ער איז פארכאפּט דורכ א שרעקלעכער קראפט, ער איז טראגיש, ווײַל ער איז א קאָרבנ פונ זײַנ לײַדנשאפט, נאָר אינ דער זעלבער צײַט איז ער אויכ אנ אקטיווער דורכפירער פונ דער נײַער אומענטשלעכער מאָראל, וואָס איז געקרימענ אלס פארבײַט פונ דער פארניכטעטער פעאָדאלער זיטלעכקײַט. די סאמע הייליקע געפילנ, דעם געוויסנ, די ערע, די עלטערנ־פליכטנ האָט ער געטראָטנ אינ נאָמענ פונ אייגנטום. דער קארגער ריטער איז צווייפאכיק אומענטשלעכ. אלס קאָרבנ דער געלט־בײַציקײַט האָט ער געבראכט ניט בלויז אנדערע, נאָר אויכ זיכ, זײַנ פּערזענלעכקײַט, זײַנ אומאָפּנעמבארע רעכט אפ נאָרמאלע נאטירלעכע געפילנ אונ אפ א נאָרמאלער, נאטירלעכער אנטוויקלונג.

אינעם „קארגנ ריטער״ טרעט ארויס די מאכט פונ געלט דערווײַל בלויז אינ דער פאָרם פונ א לײַדנשאפט צו אָנזאמלענ א פארמעגנ, נאָר אויכ דאָס איז גענוג פאר פּושקינענ, קעדיי צו ווײַזנ, אז געלט ווערט אָנגעזאמלט אפ די ביינער, אפנ בלוט, אפ אומענטשלעכקײַט, וואָס ברענגענ מיט זיכ שטראָמענ שמוצ אונ אוממאָראלישקײַט. דער באשולדיקונג־אקט, וואָס איז ארויסגעטראָגנ געוואָרנ דעם קאפּיטאליזם אינ דער דאָזיקער דראמע טראָגט א מאָראל־כאראקטער, אָבער ער איז ארויסגעטראָגנ איבערצײַגנדיק, ריכטיק אונ דערהויבנ. די אלטע מאָראל איז פארניכטעט אונ אפ צו פארבײַטנ איר קומענ מאָרד, רויב, ברוטאלקײַט; דער זונ הויבט זיכ אופ קעגנ פאָטער, דער פאָטער הויבט אופ א האנט קעגנ זונ. גאָסוב אלס פארבײַט פונ טאזיטנ טרעט ארויס אלס פאָרשטייער פונ א נײַער העכערער מאָראל; געלט ברענגט אָבער, לויט פּושקינס מיינונג, בלויז פארניכטונג. די פאראורטיילונג פונ קאפּיטאליזם בא פּושקינענ איז נאָכ דערפאר שטארקער, אנטשיידענער, ווײַל ער זעט ניט זײַנ שעפערישע, זײַנ פּראָדוצירנדיקע זײַט. ער קריטיקירט דעם קאפּיטאליזם ניט פונעם שטאנדפונקט פונ דער צוקונפט, נאָר פונעם שטאנדפונקט פונ דער פארגאנגענהײַט. די אלגעמיינע אָפּשאצונג פונ די אָנקומענדיקע נײַע צײַטנ, ווי דאָס געלט וועט הערשנ אומבאגרענעצט, ווערט רעזומירט אינעם אויסרופ פונעם הערצאָג:

„א שרעקלעכע צײַט, שרעקלעכע הערצער!״

די אידיי פונ „קארגנ ריטער“ כאזוערט זיכ אפ א נייַעמ אויפנ איבער אינ „דאמע פיק“. דער אויסוואל גופע פונעמ הויפט־העלד איז אינטערעסאנט: הערמאנ, אנ אינזשעניער כאָטש א מיליטערישער, אָבער פאָרט א מענטש פונ א נייַער פראָפעסיע, איז אביסל אנ אומגעוויינלעכער פארנ אדעליקנ קרייַז. הערמאנ איז א מענטש א קאלטער, מיט אנ אויסגערעכנטנ סייכל אונ שטארקע ליידנשאפטנ. „בא אימ איז א פראָפיל פונ נאפאָלעאָנען, און די נעשאָמע פונ מעפיסטאָפעלן“; נאָר אלע זייַנע ניט גרויסע פייִקייַטנ זייַנען קאָנצענטרירט אפ איינ געדאנק—אפ רייַכ ווערנ, אפ געלט. „געלט, אָט וואָס האָט בעלאָקט זייַנ נעשאָמע“. צוליב דער לייַדנשאפט צו געלט ווערט הערמאנ א מערדער פונ דער אלטער גרעפנ; צוליב דער לייַדנשאפט צו געלט טרעט ער אפנ נאטירלעכנ געפיל פונ ליבע צו א פרוי. די ווייַנענדיקע פארליבטע ליזע רירט ניט אָנ קיינ איינ סטרונע פונ זייַנ הארצ: „הערמאנ האָט געקוקט אפ איר שווייַגנדיק: זייַנ הארצ האָט זיכ אויכ געפייַניקט, אָבער ניט די טרערנ פונ דער אָרעמער מיידל, ניט דער וווּנדערלעכער פראכט פונ איר אומגליק האָבנ ניט גערירט די הארטע נעשאָמע זייַנע. ער האָט ניט געפילט קיינ געוויסנ־ביס באמ געדאנק וועגנ דער טויטער זקיינע. איינס האָט אימ געשראָקנ: דער פארפאלענער פארלוסט פונעמ סאָד, פונ וועלכנ ער האָט דערוואַרט רייַכ צו ווערנ“. הערמאנ, ווי אויכ דער קארגער ריטער, איז א פיגור א טראגישע. ער ענדיקט מיט מעשוגאס,—די לייַדנשאפט צו געלט אנטפלעקט אויכ דאָ זיכ אלס א שרעקלעכע פאטאלע פארניכטנדיקע קראפט.

די באציִונג פונ פושקינענ צומ קאפיטאליזמ, אינ יענער פאָרמ, אינ וועלכער ער האָט געהאט מיט אימ צו טאָנ, אונ וויִאזוי ער האָט אימ פארשטאנענ, איז אינ א געוויסער מאָס דיקטירט דורכנ אריסטאָקראטישנ האס צו הענדלערישקייַט, צו געלט אונ דורכ דער אריסטאָקראטישער אידעאליזאציע פונ די פעאָדאל־פריצישע זייטנ. פונדעסטוועגנ שעפט ווייַט ניט אויס דער אריסטאָקראטישער מאָמענט די נעגאטיווע באציִונג פושקינס צו דער בורזשואז־קאפיטאליסטישער מאָראל. ס'איז באוווּסט, אז אינ דער באציִונג פונ הערצענענ צומ קאפיטאליזמ האָבנ די פסיכאָלאָגישע שטריכנ פונ א פאָרעצ־אריסטאָקראט אָפגעשפילט זייער ראָל. מיר וועלנ זיכ דערווייַל באגרענעצנ מיטנ פעסטשטעלנ דעמ פאקט, אז פושקינ האָט זיכ באצויגנ צומ אופקומענדיקנ קאפיטאליזמ, צו זייַנ אוואנגארד־אנטפלעקונג אינ רוסלאנד נעגאטיוו. ער האָט פארורטיילט די אופקומענדיקע קאפיטאליסטישע מאָראל, די דאָזיקע לאגע העלפט אונדז פיל אויסצוקלאָרנ די נאטור פונ פושקינס איינזאמקייַט. פ ו ש ק י נ א י ז ג ע וו ע נ א נ א ד ע ל י ק ע ר פ אָ ע ט—א ו נ א י נ ד ע ר ז ע ל ב ע ר צ ייַ ט א י ז ע ר ג ע וו ע נ א י נ ק אָ נ פ ל י ק ט מ י ט נ א ד ל; פושקינ איז געווענ א זונ פונ דער בורזשואזער בילדונג—אונ אינ דער זעלבער צייַט ניט אנערקענט די אופקומענדיקע קאפיטאליסטישע מאָראל.



דעמ צענטראלנ סאָציִאלנ אינטערעס פונ ליעוו טאָלסטאָיענ, אלס קינסטלער אונ אלס דענקער האָט לעניג פאָרמולירט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „אינ א ריי געניִאלע ווערק, וואָס ער האָט געגעבנ אינ מעשעכ פונ מער ווי א האלב־יאָרהונדערט פונ זייַנ ליטערארישער טעטיקייַט, האָט ער געמאָלט הויפטזעכלעכ דאָס אלטע ביז־רעוואָלוציִאָנערע רוסלאנד, וואָס איז פארבליבנ אויכ נאָכנ 1861 י. אינ האלבער לייַב־פארקנעכטונג, ד אָ ס ד אָ ר־

פישע רוסלאנד, דאָס רוסלאנד פונעם גוטבאזיצער אונ דעמ פויער" (לענינ, ב. 14, ז. 400). פושקינ האָט אָפּגעשפּיגלט אינ זײַנ שאַפנ די אדעליקע רעוואָליוציע. נאָר דאָס איז ווייניק. אנאליזירנדיק דאָס שאפנ אונ די וועלט־אָנשויונג פונ פושקינען, איז גרינג צו באמערקנ, אז דעם גרויסנ פּאָעט האָט איבערהויפּט אינטערעסירט ניט דער אדל אליינ פאר זיכ, ניט דער קאָנפליקט צווישנ דער לײַב־אייגנטימערישער ווירטשאפט אונ די באדערפענישנ פונעם אופקומענדיקנ קאפּיטאליסטישנ מארק, נאָר די צווישנבאציִונגענ פונ די אדעליקע אונ די לײַב־אייגענע—"דאָס רוסלאנד פונעם גוטבאזיצער אונ דעם פויער", נאָר פונ יענע צײַטנ, ווענ ווענג דער ליקווידאציע פונ לײַב־אייגנטום־רעכט האָט מענ געקענט בלויז אינ געהיימ טרוימענ. פושקינ האָט פּיקסירט זײַנ אופמערקזאמקײַט אפנ צענטראלנ קלאסנ־קאָנפליקט פונ דער עפּאָכע, אפנ קאָנפליקט, וועלכער האָט אויכ ביז אימ אונ נאָכ אימ לאנג באשטימט דעם היסטאָרישנ גורל פונ רוסלאנד. פושקינ וואָלט ניט געווענ קיינ רעאליסט, אויב ער וואָלט אויסגעמיטנ די הויפּט־פראגע פונ דערווירקלעכקײַט פונ זײַנ צײַט—די פראגע וועגנ גוטבאזיצער אונ זײַנ לײַבאייגענעם קנעכט. אז אינ דעם באשטייט די פּראָבלעם פונ אלע פּראָבלעמעס, אז אלע פּאָליטישע פראגנ זײַנענ ענג פארבונדנ מיטנ מוזשיק—דאָס האָבנ, קענטיק, אלע פארשטאנענ. פונדעסטוועגנ האָט די איבערוועגנדיקע מאסע פונ דעם אדל, אָנהייבנדיק פונ די ראָמאנאָווס אונ ענדיקנדיק מיט די אייגנטימער פונ די ווײַטסטע פארוואָרפענע ווינקלענ פונ רוסלאנד, פונ דעם געמאכט בלויז איינ אויספיר: אלצ דארפ בלײַבנ אפנ אלטנ שטייגער, אומבערעכנטאָנעסדיק אונ ברוטאל דארפנ איבערגעהאקט ווערנ די סאמע אָנפאנגלעכע פּרוּוונ צו ענדערנ די באציִונגענ, וואָס זײַנענ שיר ניט אומגעוואָרפנ געוואָרנ דורכ פוגאטשאָווס אופשטאנד.

פושקינס אופגעלויכטענער אונ קלאָרער סייכל האָט פארשטאנענ, אז די אלטע באַציִונגענ קענענ ניט בלײַבנ אפ לאנג, אז ניקאָלײַ דעם ערשטנס אײַנגעשפּארטקײַט ניט דורכצופירנ די סאָציִאלע פּאָליטיק וועט ברענגענ פריִער אָדער שפּעטער צו א קאטאַסטראָפּע. עס איז באוווסט, אז פושקינ אליינ האָט געוואָלט לייזנ די ווידערשפּרוכנ צווישנ די גוטבאזיצער אונ די לײַב־אייגענע. אימ האָט געשראָקנ די פּערספּעקטיוו פונ אנ אונטערשטערטער פּאָלק־רעוואָליוציע. א קלוגע פּאָרזיכטיקײַט אונ מענטשנ־ליבע פונ די הערשנדיקע—האָט ער געמיינט—וואָלטנ געקענט ברענגענ צו א קאָמפּראָמיס, וואָס וואָלט באפרידיקטביידע צדאָדים. אָניעגינ האָט אינ זײַנע גיטער דורכגעפירט אזא מאָסמיטל:

Ярем от барщины старинной
Обpоком легким заменил —

אונ שוינ אפילע נאָכ דעם דאָזיקנ מאָסמיטל האָט דער קנעכט געבענטשט דעם גורל. ווענ אלע גוטבאזיצער וואָלטנ ענלעכ געווענ צו אָניעגינענ אָדער אפילע צו גריניאָווס עלטערנ, וואָלטנ קיינ פויערישע אופשטאנדנ פונעם טיפּ פונ פוגאטשאָווס באוועגונג געווענ פּאָשעט אומעגלעכ. "איכ האָב געוואַקסט—טראכט גריניאָוו אינ איינעם פונ די וואַריאנטנ פונ "קאפּיטאנס טאָכטער"—אז די מוטער איז געווענ געאכט דורכ די פויערים אונ הויפּ־מענטשנ; דער פאָטער איז, ניט געקוקט אפ זײַנ שטרענגקײַט, געווענ אויכ באליבט, ווײַל ער איז געווענ א יושערדיקער אונ האָט געוווּסט די עמעסע נויטנ פונ די מענטשנ, וועלכע זײַנענ אימ געווענ אונטערגעוואָרפנ. זייער בונט איז געווענ א פארפירונג, א צײַטווײַליקע שיקרעס, אונ ניט קיינ אויסדריק פונ זייער צאָרנ".